# DER SHPIGEL FUN DER IST SAYD

Jacob Magidoff

•



# דער שפּיגעל

פון דער

# איסט סייד

פון

## יעקב מאַגידאָוו

אילוסטרירט פון

ס. ראַסקין.



# *The Mirrors*

*of the*

# *East Side*

*by*

***JACOB MAGIDOFF***

**Illustrated by**

S. RASKIN

Published by the Author, 77 Bowery, New York. 1923.

# אינהאַלט פערצייכניס

# אילוסטראַציאָנען

# פאָרוואָרט

די אידעע צוזאַמענצושטעלען אַ גאַלערי פון פּראָמינענטע פיהרער אין דער געזעלשאַפט און זיי פאָרשטעלען אין זייער ריכטיגער געשטאַלט, ווי אין אַ שפּיגעל, איז ניט מיין אייגענע, עס איז צוערשט פּרובירט געוואָרען פון אַן אַנאָנימען פער־פאַסער אין לאָנדאָן, אין זיין בעריהמטעם ווערק „מיראָרס אָוו דאונינג סטריט", און שפּעטער פון אַן אַנדערן, אויך אַנאָנים, אין דעם בוך „מיראָרס אָוו וואַשינגטאָן". אין דיזע ווערק זיינען כאַראַקטעריזירט געוואָרען די הויפּט פּאָליטישע פיהרער פון ענגלאַנד און אַמעריקא און די גאַנצע וועלט האָט מיט אינ־טערעס געלעזען דיזע קריטישע בעטראַכטונגען.

אונזער צוועק איז צו פּרובירען טהאָן פאַר דער איסט־סייד וואָס עס איז שוין געטהאָן געוואָרען פאַר לאָנדאָן און וואַשינגטאָן מיט יענע ביכער. די איסט סייד איז טאַקע קיין בעזונדערע מדינה, אָבער זי איז אַ וועלט פאַר זיך. זי האָט איהרע שטערן, וועלכע שיינען אויף דער איסט סייד פּונקט ווי די גרעסטע שטערן פון לאָנדאָן און וואַשינגטאָן. זיי מעגען זיין קליינע שטערנדלאַך אויף דעם ברייטען האָריזאָנט, אָבער ביי אונז שפּיעלען זיי אַ גרויסע ראָלע. מיר פּרעזענטירען דאַרום דאָ די „מיראָרס אָוו די איסט סייד", גלויבענדיג אַז עס וועט אפשר זיין פון עפּעס אַ נוץ.

נאַטירליך דאַרפען אין דיזען שפּיעגעל פיגורירען בלויז

פּראָמינענטע עפענטליכע טוער. אין די צוויי דערמאָנטע גוי'אישע ביכער ווערען כאַראַקטעריזירט בלויז די גרעסטע שטאַאַטס־מענער. אין דעם שפּיעגעל פון דער איסט סייד קענען מיר ניט האָבען קיין שטאַאַטס־מענער, אָבער מיר האָבען אַלערליי פּאָליטישענס, פיהרער פון פארשיידענע בעוועגונגען, ליטעראַטען, זשורנאַליסטען און איבערהויפּט כלל־טוער. זיי זיינען טאַקע קלענערע מענשען, אָבער אין אונזער קליינער וועלטעל שפּיעלען זיי פּראָפּאָרציאָנעל אפשר א גרעסערע ראָלע. פּריוואַט מענשען, מעגען זיי זיין ווי פּאָפּולער, האָבען קיין פּלאַץ אין דיזען שפּיעגעל. מיר האָבען קיין רעכט ארויסשלעפּען אין די עפענטליכקייט איינעם וואָס זוכט עס ניט. א מענש אָבער וואָס איז טהעטיג אין עפענטליכען לעבען, וואָס שפּיעלט א ראָלע אויף דער ביהנע פון לעבען, וואָס לעבט אין דער עפענטליכקייט ווי א פיש אין וואסער, קען ניט מאַכען קיינע איינווענדונגען געגען עפענטליכע קריטיק, פּונקט ווי אַן אַקטיאָר קען ניט פּראָטעסטירען געגען טהעאַטער־קריטיק. דערצו איז עס א פאַקט, אַז מעהרסטע עפענטליכע טוער זוכען אליין פּובליסיטי, זיי שטופּען זיך אליין אין דער עפענטליכייט, מען קען זיי דארום ניט ערלויבען זיי זאָלען בלויז אליין רעדען פאַר זיך וואָס זיי ווילען, און ניט הערען וואָס אנדערע האָבען וועגען זיי צו זאָגען. דאָס איז דער פּרייז וואָס זיי מוזען צאָהלען פאַר זייער „עקטען" אָדער פאַר זוכען פּובליסיטי.

אין די הענד פון א געוויסענלאָזען מענשען קען אַזאַ קריטיק זיין א געפעהרליכער אינסטרומענט. ער קען אַטאַקירען וועמען ער וויל, ער קען זוכען ערנידריגען א געגנער און

# פאָרוואָרט

ליבען וועמען ער גלייבט. אין די צוויי אויבען־דערמאָנטע ווערק זיינען די פערפאסער פערבליבען אנאָנים, אָבער קיינער פערדעכטיגט זיי ניט אז זייערע מאָטיווען זיינען געווען אונ־ריינע. אונז שיינט אָבער אז זיי זיינען געווען ניט אין גאנ־צען גערעכט. ביידע האָבען ווי עס שיינט געהאלטען אז עס איז נויטיג בלויז ארונטערצורייסען, ביידע געהען ארויס פון דעם שטאנדפונקט אז כמעט אלע עפענטליכע טוער טראָגען מאסקען און אז עס איז נויטיג דיזע מאסקען ארונטערצוריי־סען. דער רעזולטאט איז אז מען געפינט אין זייערע ווערק זעלטען א גוט וואָרט, זיי געפינען אין זייערע „סאָבדזשעקטס" בלויז שלעכטעס.

אפשר איז דאָס א גוטע פאליסי ווען מען בעהאנדעלט מענשען וואָס קעהרען וועלטען, וואָס בעזיצען א ריעזיגע מאכט און מיסברויכען עס אָפט, אפשר שאדעט ניט אז זיי קריגען אמאָל א דאָזע פון זייער אייגענער מעדיצין, אָבער מיר האל־טען דאָך ניט פון דיזער פאליסי. אונזער שטאנדפונקט איז אז מען מוז פריהער פאר אלעם זיין גערעכט און זאָגען דעם אמת, און דאָס מיינט, אויפדעקען אלע חסרונות, אָבער אויך אָנצייגען מעלות. דער שפּיעגעל מוז זיין א ריכטיגער, א נאַ־טירליכער, זאָנסט איז ער קיין שפּיגעל, נור א קאריקאטורע.

מעגליך אז מיר וועלען מיט אונזער שטעלונג ענטוישען פיעלע מענשען. דער עולם גלייבט בעסער מען זאָל איינעם „גוט דערלאנגען". און דער אמת איז אז אין דעם ליגט איי־גענטליך קיין קונסט. יעדער איינער קען ארייןקריכען יענעם אין הארצען מיט די שטיוועל. דערצו פאָדערט זיך אויך קיין

## דער שפּיגעל פון דער איסט סייד

מוטה. מען רעדט וועגען פורכטלאָזע קריטיק און מען מיינט פורכטלאָז הייסט ווען מען איז אַגרעסיוו. דאָס איז אָבער גאָר קיין העלדישקייט,, ווען יענער שווייגט. דער פאַקט איז אַז ביי אַן עהרליכער קריטיק פאָדערט זיך אָפט מעהר מוטה אין געבען קרעדיט וואו עס בעלאַנגט, ווי אין טאַדלען. ווען איהר אַטאַקירט אַ מענשען, האָט איהר געוועהנליך צו טהאָן בלויז מיט איהם, און עס איז אַ קאַמפּף איינס צו איינס. דאַ־געגען ווען איהר גיט אַ מענשען קרעדיט, רופט איהר געגען זיך אַרויס זיינע שונאים, און שונאים זיינען פאַראַן מעהר און זיי רופען זיך שנעלער אָפּ ווי פריינד. אונזער וועג איז דארום גאָרניט קיין לייכטער.

אונזער קריטיק וועט וואהרשיינליך מאַנכע ניט שמעקען, און מיר וועלען זיך וואהרשיינליך פערשאַפען שונאים, טראָץ דעם וואָס אונזער אבזיכט איז צו זיין אונפּאַרטייאיש, אָבער מיר האָפען נאָך אַלץ אַז זיי וועלען אונז פערצייהען אונזערע זינד. מיר האָבען אָבער מורא אַז מיר וועלען זיך קיינמאָל ניט אויסקויפען ביי אַנדערע, וועלכע מיר האָבען גאָר קיין שלעכטס געטאָהן, וועגען וועלכע מיר האָבען קיין איינציג שלעכט וואָרט געזאָגט, און וועלכע האָבען צו אונז די קריוודע ווארום מיר האָבען זיי אויסגעלאָזען פון שפּיעגעל. עס זיינען פאַראַן גענוג מענשען וואָס זוכען פּובליסיטי אום יעדען פּרייז און דיזע מענשען וועלען אונז קיינמאָל ניט פערצייהען.

## אב. קאהאן.

געבוירען דעם 7 יולי 1860 אין פאדבערעזשני, פיער מייל פון ווילנא. געקומען אין אמעריקא דעם 6 יוני 1882. אלס אימיגראנט האט ער א קורצע צייט געארבייט אלס סיגארמייקער, האט זיך שנעל אויסגעלערנט ענגליש און איז געווארען לעהרער פון ענגליש אין נייט סקולס. איז געוועזן באטהייליגט אין דער סאציאליסטישער און ארבייטער באוועגונג זייט זיין קומען. אין 1890 געווארען מיט־רעדאקטאר מיט פיליפ קראנץ אין דער וועכענטליכער „ארבייטער צייטונג“ און שפעטער געווארען הויפט רעדאקטאר, ער איז אויך געוועזן דער ערשטער רעדאקטאר פון מאנאטליכען זשורנאל „די צוקונפט“. זייט 1901 שטענדיגער רעדאקטאר פון „פארווערטס“. איז געוועזן אויך מיטארבייטער אין ענגלישע צייטונגען און איז פּארפאסער פון מעהרערע ווערק אין ענגליש.

# אב. קאהאן

אב. קאהאן ווערט פערעכענט אלס איינער פון די הויפט־פיהרער פון דער סאציאליסטישער בעוועגונג אין אמע־ריקא. ער האט אויך א גוטען נאמען אין די סאציאליסטישע קרייזען פון אייראפא. און ער ווערט אזוי אנגענומען אלס פיהרער צוליעב די וואונדערבארע פאפולאריטעט וואס ער געניסט ביי די אידישע מאסען. זיין פאפולאריטעט גרייכט זאגאר אויסערהאלב דער בעוועגונג. ער איז, אהן צווייפעל, איינער פון די פאפולערסטע אידען אין אמעריקא. אבער פאפולאריטעט מיינט ניט אימער פיהרערשאפט. מען קען געניסען די גרעסטע פאפולאריטעט און דאך ניט קענען זיין א פיהרער. דאגעגען קען מען זיין דער שטארקסטער פיהרער און זיין זאגאר העכסט אונפאפולער. צו זיין א פיהרער פון א בע־וועגונג אדער א פארטיי מוז מען פריהער פאר אלעם בעזיצען די נויטיגע אדמיניסטראטיווע פעהיגקייטען, מען מוז האבען א קלארען קאפ, מען מוז בעזיצען טאקט אין האנדלען מיט מענשען, מען מוז האבען די פעהיגקייט צו קאנטראלירען מענשען, און אום צו קענען קאנטראלירען אנדערע, מוז מען פריהער קענען קאנטראלירען זיך. און דאס גראד קענען ניט בעווייזען אזעלכע אימפולסיווע נאטורען ווי קאהאן.

דער פאקט איז אז אום צו זיין א פיהרער ביי ארבייטער, מוז מען האבען דיזעלבע פעהיגקייטען וואס זיינען נויטיג

## דער שפּיגעל פון דער איסט סייד

פאַר אַ דירעקטאָר פון אַ קאַפּיטאַליסטישער קאָרפּאָריישאָן. מען מוז זיין אַ קאַלטבלוטיגער, פּראַקטישער ביזנעסמאַן, און ניט אַן ענטוזיאַסט אָדער טרוימער. יעדע אָרגאַניזאַציאָן, ווי קליין און ווי אונבעדייטענד זי זאָל ניט זיין, ווערט רע־גירט פון אַ מאַשין. דאָס איז דער פאַל מיט אַלע טשאַריטי סאָסייעטיס, פּראָפעסיאָנאַל אָרדערס און אפילו די קליינע לאָ־דזשעס; דאָס איז דער פאַל מיט די לייבאָר יוניאָנס, און דאָס איז ספּעציעל דער פאַל מיט פּאַרטייען, און אויך די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי. און ביי די מאַשינען פון דיזע אַלע אָרגאַניזאַציאָנען כאַפּען זיך געוועהנליך אריין גאַנץ אונפּאָ־פּולערע מענשען.

און דער פאַקט איז אַז קאַהאַן איז טאַקע קיינמאָל ניט געוועזן טהעטיג אין דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי, ער האָט דאָרט קיינמאָל ניט בעקליידעט אַן אַמט. דער נידריגסטער פּאַרטיי־בעאַמטער, דער קלענסטער יוניאָן־לידער, וועלכער איז בלויז אַ שרייבער אין דער מאַשין, האָט אָפט אַ שטאַרקערע מאַכט אין דער בעוועגונג ווי קאַהאַן. עס איז פאַראַן נור איין אָרגאַניזאַציאָן, וואו קאַהאַן איז פאָלשטענדיגער באָס. דאָס איז די רעדאַקציאָן. און דאָס איז דערפאַר ווייל ער איז אַן עקספּערט רעדאַקטאָר. ער קען אָבער ניט זיין באָס פון אַ פּאַרטיי, ווייל ער איז קיין פּאָליטישען.

דערפאַר אָבער אויסערהאַלב דער אָרגאַניזאַציאָן איז קאַהאַן אַ געוואַלדיגע קראַפט. ער איז ניט דער קאָפּ, אָבער דערפאַר איז ער די נשמה פון דער בעוועגונג. זיין איינפלוס איבער די מאַסען איז אונבעגרענעצט. ער בעזיצט דעם

## אב. קאהאן

שליסעל צום הארצען פון פאָלק, און דאָס האָט ער צו פאַר־דאַנקען צוויי פון זיינע הויפּט־אייגענשאַפטען. ערשטענס איז ער אַ געבוירענער פאָלקסמאַן, ער פיהלט און דענקט ווי דאָס פאָלק, ער פיהלט דעם פּולס פון פאָלק, און ער סימפּאַטיזירט מיט איהם. ער איז געווים קיין דעמאַגאָג, ער ליעבט טאַקע דאָס פאָלק און דאָס פאָלק ליעבט איהם.

זיין צווייטע אייגענשאַפט איז פּיעלייכט נאָך אַ וויכ־טיגערע. דאָס איז זיין פעהיגקייט זיך דורכצורעדען מיט די מאַסען אזוי אַז זיי זאָלען איהם פאָלשטענדיג פאַרשטעהן. דאָס איז זיין מייסטערהאַפטער געברויך פון דער פאָלקס־שפּראַך, דעם מאַמע־לשון. אין דעם האָט ער קיין גלייכען צו זיך. ער פערשטעהט דאָס פאָלק און דאָס פאָלק פער־שטעהט איהם, צווישען איהם און דאָס פאָלק קען קיין מיס־פערשטענדניס ניט זיין.

אָט דיזע צוויי אייגענשאַפטען האָבען עס געהאָלפען קאהאַנ׳ען געווינען די געוואַלדיגע פּאָפּולאַריטעט וואָס ער געניסט. מען קען ניט זאָגען אַז ער איז אַן אויסעראָרדענט־ליכער אָראַטאָר. אַן אָראַטאָר מוז זיין אַן אַקטיאָר, וואָס איז פעהיג צו מאַכען עפעקטען, אָבער די שעהנסטע עפעקטען פון אַ גרויסען אָראַטאָר געהען אָפט פערלאָרען ביים פּראָסטען עולם. קאהאַן רעדט אָהן קונצען. זעהר אָפט פערקריכט ער פון זיין טהעמא, אָבער ווי ער זאָל ניט פערקריכען שלעפּט ער מיט זיינע צוהערער, די מאַסען, ווייל זיין אַרט רעדען און זיין אַרט דיינקען איז דערזעלבער ווי פון די מאַסען, זיי פיהלען אַז ער איז ניט פון אַנאַנדער וועלט, אַז ער איז

זייערער, און זיי קוועלען אָן אפילו ווען ער רעדט פון וועג, ווייל עס איז זייער וועג. בעזאָנדערס ווירקט ער מיט זיין ערנסט, מיט זיין רעדען פון הארצען און מיט זיינע פאָלקס־טימליכע משלים. ער איז אַן אמת'ער פאָלקס־טריבון. און אזוי ווירקט ער אויך מיט זיין שרייבען, וואו ער צייכענט זיך אוים מיט זיינע קלאָהרע דבורים און מיט אַן עכט־אידישען הומאָר.

אָט דיזע אַלע אייגענשאַפטען האָבען געמאַכט קאהאַנ'ען פאַר אַ פאָלקס־פיהרער, אָבער ניט פּארטיי־פיהרער. ער איז פיהרער אין דער בעוועגונג, אָבער ניט פיהרער פון דער פּאַרטיי. ער קען בעאיינפלוסען די מאַסען, אָבער ער האָט ניט קיין בעזאָנדערען איינפלוס אין די ענגע קרייזען פון דער אָרגאַניזאַציאָן, אין די „קאונסילס" פון די פיהרער. און ער זוכט עס אויך ניט, ער איז מעהר אין דער היים ביי די מאַסען.

קאהאַן'ס אמביציע צו זיין אַ פאָלקסמאַן שטאַמט וואהר־שיינליך פון זיין פערבינדונג אין די יונגע יאָהרען מיט דער רעוואָלוציאָנערער בעוועגונג פון רוסלאַנד. אין יענע צייטען אין רוסלאַנד, אין די זיעבעציגער און אַכציגער יאָהרען, האָט ביי די רוסישע רעוואָלוציאָנערען, ווי בעוואוסט, געהערשט אַ שטרעבונג צו געהן צום פאָלק. דאָס איז בעקאַנט אין דער היסטאָריע פון דער רוסישער רעוואָלוציאָן אַלס „האָזשדעניע וו' נאַראָד". די גאַנצע רעוואָלוציאָנערע יוגענד, די אינטע־ליגענץ, האָט זיך אַ לאָז געטהאָן צום פאָלק, מען איז אַוועק אין די דערפער לערנען דאָס פאָלק און לערנען פון פאָלק. דיזע בעוועגונג בילדעט איינעם פון די שעהנסטע קאַפּיטלען

## אב. קאהאַן

אין דער היסטאָריע פון דער רוסישער רעוואָלוציאָן. עס האָט אָפּגעקאָסט מאַסען אָפּפער, טויזענדע זיינען דערפאַר פערשיקט געוואָרען אין סיביר, אָבער די גרויסע אָפּפער זיינען געווען אומזיסט, דאָס פאָלק האָט ניט פערשטאַנען די רוסישע אינ־טעליגענציע, און די אינטעליגענציע האָט ניט פערשטאַנען דאָס פאָלק. פאָלגענדיג זייערביישפּיעל איז קאהאַן אויך אוועק צום פאָלק, צום אידישען פאָלק, ער איז אויך אין דעם געווען בעזעעלט פון ריינעם אידעאַליזם, אָבער ער האָט גע־האַט אַ בעסער מזל פאַר די רוסישע רעוואָלוציאָנערן. דאָס אידישע פאָלק האָט איהם לייכט פערשטאַנען, און ער האָט פערשטאַנען דאָס פאָלק. זיין ארבייט איז ניט געווען אומ־זיסט, ווי זייער ארבייט.

קאהאַן איז אוועק צום פאָלק מיט פערציג יאָהר צוריק און ער איז געבליבען ביים פאָלק. מאַנכע פון דער רוסישער אינטעליגענץ, וועלכע האָבען אין דער יוגענד געטרוימט וועגען בעגליקען די מענשהייט, זיינען שפּעטער געוואָרען פּראַקטישע מענשען און זאָגאַר רעאַקציאָנערען, קאהאַן איז פערבליבען טריי זיינע אידעען, ער איז פערבליבען אַן אידעאַליסט, ער האָט ניט פארזוכט אַריבערצוגעהן אין די הויכע פענסטער. ער איז איבערהויפּט קיינמאָל ניט געווען, וואָס מען רופט, אַ קאַריעריסט, ער האָט ניט געזוכט קיין פּראָפעסיאָן, קיין ביז־נעס, ער האָט זיך קיינמאָל ניט געיאָגט נאָך דעם דאָלאַר, עס איז איהם גאָר קיינמאָל אין קאָפּ ניט געלעגען. ער איז געווען פאָלקאָם צופריעדען צו מאַכען אַ בעשיידענעם לעבען און אָפּגעבען זיין גאַנצע ענערגיע צו דער בעוועגונג. דערביי

## דער שפּיגעל פון דער איסט סייד

איז אויך כדאי צו בעמערקען אַז ביז ער איז געוואָרען רעדאַקטאָר פון „פאָרווערטס“ האָט ער זיין לעבען שטענדיג געמאַכט אויסערהאַלב דער בעוועגונג, ער האָט די בעוועגונג ניט געמאַכט פאַר זיין פּראָפעסיאָן, ער איז ניט געווען קיין פּראָפעסיאָנעלער אַגיטאַטאָר אָדער דזשאָב־האָלדער, פיעלע יאָהרען האָט ער געאַרבייט פאַר דער בעוועגונג גאַנץ אומזיסט.

קאַהאַן׳ס גרעסטער פערדיענסט בעשטעהט אין זיין זשור־נאַליסטישער און ליטעראַרישער טהעטיגקייט, דערמיט האָט ער זיך פערדיענט געמאַכט ניט נור אין דער בעוועגונג נור ספּעציעל אויסערהאַלב דער בעוועגונג. אום צו לערנען דאָס פאָלק האָט ער געברויכט די אמת׳ע פאָלקס־שפּראַך, וועלכע ער האָט אַזוי גוט געקענט, און ער איז געוואָרען אַ מייסטער אין דיזער פאָלקס־שפּראַך. מען קען זאָגען אַז ער האָט פיעל געהאָלפען צו דערהויבען דיזע שפּראַך, ער איז געווען דער פּיאָנער פון דעם מאָדערנעם אידיש אין אַמעריקאַ.

אום אָפּצושאַצען קאַהאַן׳ס פערדיענסט אויף דיזען פעלד איז נויטיג צו מאַכען אַ קורצען איבערבליק איבער דעם פּראָ־גרעס פון אידישער זשורנאַליסטיק און ליטעראַטור אין אַמע־ריקאַ זייט די גרויסע עמיגראַציאָן האָט זיך אָנגעפאַנגען. ווען די ערשטע אידישע אימיגראַנטען זיינען אַריבער אין אַמע־ריקאַ האָבען זיי פון זייער מאַמע־לשון ניט פיעל געהאַלטען און האָבען עס געזוכט אַוועקצואוואַרפען. מען האָט זיך דער־מיט געשעהמט. אַ רוסישער אינטעליגענט האָט גערעדט רוסיש, מאַנכע וואָס מיר קענען, האָבען זיך ערשט דאָ אויס־געלערנט רוסיש רעדען. אַ גאַליציאַנער איד האָט גערעדט

דייטש. די אידישע גהעטא איז דאן נאך ניט געווען גרויס און דער אימיגראנט פלעגט זיך דאמאלס אפטער טרעפען מיט ניט אידען ווי יעצט. היינטיגע צייטען קען מען אפלעבען די יאהרען אין ניו יארק ניט אנקומענדיג צו א קריסט, דאמאלס, ווען מען האט געזוכט ארבייט אדער מען האט געהאנדעלט אין א סטאר, אפילו ווען מען איז געגאנגען עפעס איינקויפען האט מען געמוזט געברויכען אנאנדער שפראך ווי אידיש. און וואס פאר א שפראך האט א גרינער איד געקענט געברויכען? נאטירליך דייטש. וועלכער איד רעדט עס ניט דייטש? און דייטשען זיינען דאן געווען פיעל מעהר אין ניו יארק ווי יעצט, ספעציעל אויף דער איסט סייד. דייטש איז געווען א האלב אפיציעלע שפראך אין ניו יארק. די דאמאלסדיגע ארבייטס-געבער, ביי וועלכע די אימיגראנטען זיינען געווען בעשעפטיגט, די קלאדינג מאנופעקטשורערס, זיינען געווען דייטשע אידען און מען האט געדארפט רעדען מיט זיי דייטש. די אידישע אימיגראנטען, ווי בעוואוסט, האבען זיך שנעל אנגעשלאסען אן די היגע סאציאליסטישע בעוועגונג, און דיזע בעוועגונג, ווי בעוואוסט, איז דאן געלעגען אויסשליסליך אין דייטשע הענד, און די אידישע סאציאליסטען האבען דארום געשפראכען דייטש און געלעזען די דייטשע „פאלקסצייטונג". אויף אידישע סאציאליסטישע פערזאמלונגען פלעגען רעדען דייטשע סאציאליסטען, אין די אידישע לאדזשעס און ארדערס וואס האבען זיך דאן געגרינדעט האט מען גערעדט בלויז דייטש. מילא ווען א גאליציאנער איד פלעגט רעדען דייטש איז נאך געווען צו דערליידען,

אָבער ווען אַן אדעסער איד פלעגט נעהמען רעדען „דאטש“, האָט מען זיך געקענט האַלטען פאַר די זייטען. און דיזע מאַניא צו רעדען דייטשמעריש האָט זיך אויך געמערקט אין דער דאַמאָלסדיגער אידישער פּרעסע. עס איז דאַן ערשיענען אַ ראַדיקאַלע אידישע וואָכענבלאַט, „די אידישע פאָלקסצייטונג“, און דאָרט האָט מען זעלטען געטראָפען אַ אידיש וואָרט. אפילו דער דאַמאָלסדיגער אידישער „טאַגעבלאַט“, אונטער דער רעדאַקציאָן פון שרהזאָהן׳ס שוואָגער יהלומשטיין, איז געשריבען געוואָרען אין דייטשמעריש. אפילו פּאַליי, וועלכער איז געקומען שפּעטער און האָט שוין געברויכט אַ גוטען אידיש, האָט זיך ניט געקענט אין גאַנצען בעפרייען פון דעם דייטשען איינפלוס און ער פלעגט אָנפאַנגען זיינעם אַ ראָמאַן מיט די ווערטער: „עס וואַר אַ שעהנער זאָמער אבענד“.

קאַהאַן איז געווען דער ערשטער צו ערקלעהרען קריעג צו דיזען דייטשמעריש. ער איז געווען דער ערשטער אויפצולעבען דעם מאַמע־לשון. נאַטירליך זיינען געווען אויך אַנדערע גוטע אידישע שרייבער, ווי זעליקאָוויץ צום ביישפּיעל, וועלכע האָבען געברויכט אַ ריינעם אידיש, אָבער זיי האָבען ניט געפיהלט דעם בערוף צו קעמפּפען פאַר אַ ריינעם אידיש. זיי אַליין זיינען געווען אויסנאַהמען, אָבער זיי האָבען ניט געהאַט די אַמביציע אויסצובעסערען די שפּראַך. קאַהאַן האָט דאָס געמאַכט פאַר זיין מיסיאָן, ער האָט געדאַרפט האָבען דעם מאַמע־לשון אין זיין „געהן צום פאָלק“ און ער האָט געוואָפען זיינע נאָכפאָלגער צו פאָלגען זיין ביישפּיעל. דער פאַקט איז אַז קאַהאַן האָט ווירקליך געשאַפען אַ נייע שוהלע

## אב. קאהאן

אין אידיש, ער האָט געשאַפען צעהנדליגע נייע אידישע שרייבער. קיין אנדער אידישער רעדאַקטאָר אָדער ליטעראַט האָט ניט געטהאָן אזוי פיעל אויפצוהויבען דעם אידיש ווי קאהאן. ער האָט מיט זיינע תלמידים איינפאך געקנעלט ווי א מלמד.

אום צו פארשטעהן דיזע ראָלע פון קאהאן, מוז מען ווידער ווארפען אן איבערבליק איבער דער לאגע פון דער אידישער ליטעראַטור און זשורנאַליסטיק אין די ערשטע יאָהרען פון דער אידישער אימיגראַציאָן. עס זיינען דאן געווען גאנץ ווייניג אידישע שרייבער. דער פאַקט איז אז אפילו יעצט איז זייער צאָהל ניט גרויס. די אורזאַכע דערפון איז אן איינפאַכע. וואו לערנט מען אידיש? עס זיינען קיינמאָל ניט געוועזן אידישע שוהלען, אידישע גימנאַזיעס, אידישע אוניווערזיטעטען, אידישע קורסען. עס איז קיין מאָל ניט געווען א אידישע גראַמאַטיק. ווער עס האָט געוואָלט האָט זיך אַליין געלערנט און ער האָט געשריבען ווי ער האָט געוואָלט, ווי איהם איז איינגעפאַלען. און אזוי איז עס ביז היינטיגען טאָג. מיליאָנען אידען שרייבען אידישע בריעף אָבער נור אייגענע מענשען פון דיזע בריעף־שרייבער קענען זיי לעזען און פארשטעהן, אוים געוואָהנהייט. ניט נור דאָס ספעלען פון ווערטער, נור דאָס צוזאַמענשטעלען פון זאצען און געדאַנקען איז פרימיטיוו, און דאָס איז ניט נור דער פאַל מיט די וואָס קענען קיין אנדער שפּראַך, נור אויך מיט די וואָס קענען גוט שרייבען אין אנדערע שפּראַכען. עס איז א מערקווירדיגער פאַקט אז מאַנכע וואָס זיינען קינסטלער אין שרייבען העברעאיש זיינען אונבעהאָלפען, ווען זיי דאַרפען

צוזאַמענשטעלען אַ זאַץ אין מאַמע־לשון. געהט אַריין אין אַ אידישע רעדאַקציע, וואו עס קומען טעגליך אַן הונדערטע בריעף צום רעדאַקטאָר, און פּרובירט לעזען דיזע בריעף. קיין איינציגער פון זיי איז דרוקבאַר, די בעסטע מוז מען איבער־שרייבען, מעהרסטע קען מען אפילו ניט איבערשרייבען. און דאָס איז אַלץ דערפאַר ווייל אידיש ווערט אין ערגעץ ניט גע־לערנט עלעמענטאַר, ווי אַנדערע שפּראַכען.

ווען אַ גויאישער רעדאַקטאָר זאָל זיך נויטיגען אין שריי־בער, לאָמיר זאָגען אין אַ דייטשע צייטונג, און ער זאָל זיי ניט קענען קריגען ביי דער האַנד, איז אַלעס וואָס פאַר איהם איז נויטיג, אריינצוגעהן אין דעם ערשטען קאַפע, וואו עס זיצען ליידיג־געהער, און ער וועט דאָרט שטענדיג געפינען אינטעליגענטע יונגעלייט, וועלכע קענען זייער שיללער און געטע אויסוויינינג און קענען שרייבען „ווי אַ וואַסער". מען קען קריגען אַזעלכע מיטאַרבייטער אָהן אַ שיעור. אַלץ וואָס זיי פעהלט איז אַביסעל פּראַקטיק. נאַטירליך איז ניט יעדער וואָס קען שרייבען אַ זשורנאַליסט אָדער ליטעראַט, אָבער עס איז דאָ אַ מאַטעריאַל פון וועלכען צו קלייבען פעהיגע מענשען. צווישען אידען איז ניטאָ אַזאַ מאַטעריאַל, אַז מען דאַרף האָ־בען אַ אידישען שרייבער דאַרף מען איהם שאַפען, און מען דאַרף איהם אָנפאַנגען לערנען פון אלף בית.

און קאַהאַן האָט גענומען צעהנדליגע אַזעלכע מענשען און מיט זיי געקנעלט און מיט זיי געלערנט אידיש, זיי געלערנט דעם ריינעם מאַמע־לשון. קיין אַנדער רעדאַקטאָר, קיין אַנדער ליטעראַט האָט עס ניט געטהאָן, ווייל ער האָט עס ניט בעד־

טראכט אַלס זיין בערוף אָדער מיסיאָן. דאָס איז געווען קאהאַן'ס אויפגאַבע, וועלכע ער האָט זיך אַליין געשטעלט, און ער האָט עס געמאַכט פאַר א ספּעציאַליטעט. ער האָט זיך דערצו אָפּגעגעבען מיט דעמזעלבען ענטוזיאַזם ווי מיט זיין געהן צום פּאָלק. זייט איבער דרייסיג יאָהר האַלט ער אין איין זוכען צו שאַפען שרייבער, נייע רעקרוטען פאַר דער ליטעראַרישער אַרמעע. ער איז שטענדיג אויף דער וואך צו ענטדעקען פאַרבאָרגענע טאַלאַנטען, און אַלע ווילע ווייזט זיך איהם אויס אַז אָט־אָט האָט ער ענטדעקט א ווירקליכען טאַלאַנט נאָך זיין הארצען. און ער כאַפּט זיך אָן אָן זיין ענטדעקונג און קנעלט מיט איהם און גיט אויף איהם אָפּ צייט און מיה. נאַטירליך נאַרט ער זיך אָפּט אָפּ מיט זיינע ענטדעקונגען, פון א געטרוימטען טאַלאַנט לאָזט זיך אָפּט אויס א בוידעם, אָבער דאָס ענטמוטיגט איהם אַלץ ניט, ער זוכט ווייטער, און ביז היינטיגען טאָג האַלט ער אין איין זוכען אַזעלכע טאַלאַנטען.

זעהר אָפט ווערט קאהאַן ענטוישט אין זיינער אַן ענטדעקונג ניט וויל דער עקספּערימענט איז ניט געלונגען, נאָר איינפאַך צוליעב א קאַפּריז. אזוי ווי ער ווערט פאַרגלויבט אין איינעם און וויל איהם מאַכען פאַר א שרייבער, אזוי וואַרפט ער אָפּט גלייך אַן אומ'חן אויף איינעם אָהן שום אורזאַכע און פאַרבראַקירט איהם. און ווען קאהאַן ווערט אזוי ענטוישט אין זיינער אַן ענטדעקונג, צו מיט אורזאַכע צו ניט, קען ער שוין דיזע ענטדעקונג מעהר ניט פאַרטראָגען. ער האַסט זיין אונגעלונגענע שאַפונג און וואָלט זי וועלען ווידער

פערניכטען. יעדער נײ־געבוירענער שרייבער האָט אָבער דעם אינסטינקט פון יעדען נײ־געבוירען בעשעפעניס, דעם אינ־סטינקט פון זעלבסט־ערהאַלטונג, און דער נײ־געבוירענער שרייבער, וועלכער ווערט פון קאהאַן פעראורטהיילט צו א ליטעראַרישען טויט, וועהרט זיך געגען דיזען אורטהייל, ער לאָזט זיך ניט פערניכטען. דער רעזולטאַט איז אז קאהאַן קומט אָפּט אין דער לאַגע פון דעם פּראַגער רב, וועלכער האָט געשאַפען א גולם און איהם שפּעטער געזוכט צו פער־ניכטען. קאהאַן איז אָבער מעהר אונגליקליך פאַר'ן פּראַגער רב, ווייל ער האָט געשאַפען א לעגיאָן פון „גולם'ער" און ער ווייס ניט ווי פון זיי פּטור צו ווערען.

דיזע טהעטיגקייט פון קאהאַן איז פערבונדען מיט מאַנכע קוריעזע אינצידענטען. מיר ווייסען פון א פּאַל מיט א בע־גאַבטען אידישען שרייבער, וועלכען קאהאַן האָט פריהער ענט־דעקט און שפּעטער פּאַרבראַקירט. דיזער שרייבער איז גע־ווען פּראָמינענט אין דער בעוועגונג, און ער האָט זיך גע־וועהרט געגען ליטעראַרישען טויט. עס האָט אָבער ניט גע־האָלפען. יאָהרענלאַנג האָט איהם קאהאַן פערפאָלגט און איהם ניט געוואָלט געבען א דזשאָב אַלס שרייבער. פאַר צרות איז דער פערפאָלגטער אַוועק אין ביזנעס און מיט דער צייט איז ער געוואָרען א גביר. און דערפאַר האָט ער צו פערדאַנקען קאהאַנען. אויב ער וואָלט געהאַט מעהר חן ביי קאהאַן, וואָלט ער וואהרשיינליך פאַרבליבען אַן אָרעמער שרייבער.

דאָס דערמאָנט אָן די בעקאַנטע מעשה מיט יענעם גרינעם, וועלכער האָט געזוכט די שטעלע פון שמש און האָט

עס ניט געקענט קריגען, ווייל ער האָט ניט געקענט לעזען און שרייבען. דאָס האָט איהם אָבער ניט פאַרהינדערט שפּעטער צו ווערען אַ גרויסער ביזנעסמאַן און גביר און ארויסגעבען גרויסע טשעקס, כאָטש ער האָט די טשעקס ניט געקענט אונ־טערשרייבען. און דאָס איז געווען זיין גליק: אויב ער וואָלט זיין נאָמען געקענט אונטערשרייבען, וואָלט ער פערבליבען אַ שמש און ניט געקענט שרייבען קיין טשעקס. און אזוי איז דיזער „גולם" פון קאַהאַן געוואָרען אַ טשעק־שרייבער אָנ־שטאָט אַן אַרטיקעל־שרייבער אָדער אַ שמש אין דער בעוועגונג.

מיר קענען אָנצייגען אויף נאָך אַ מעהר איבערראַשענדען אינצידענט. מיט איבער דרייסיג יאָהר צוריק האָט קאַהאַן געהאַט אַ מיטאַרבייטער אַ פעהיגען יונגען מאַן, וועלכער פלעגט שרייבען גוטע פּאָפּולערע אַרטיקלען איבער נאַטור־וויסענשאַפט. איינמאָל האָט זיך קאַהאַן מיט איהם צוקריגט, און ער האָט גענומען צייגען פעהלערען אין די אַרטיקלען. דער יונגער שרייבער האָט זיך פערטהיידיגט, ער האָט אַפּע־לירט צו פּ. קראַנץ און קראַנץ האָט איהם געגעבען רעכט. אויב מיר גדענקען ריכטיג, איז דער אַרטיקעל געווען וועגען דעם ווי מען רעכענט אויס ווי פיעל די ערד וועגט. קראַנץ'ס פסק האָט נאָך מעהר אויפגעבראַכט קאַהאַנען, און ער האָט אויסגערופען צום יונגען שרייבער: „וואָס ווייסט איהר? איהר קענט דאָך אפילו קיין אַריטהמעטיק!" און דאָס האָט שטאַרק געקריינקט דעם יונגען שרייבער, ווייל ער האָט געפיהלט אַז קאַהאַן איז אין דעם געווען ניט אין גאַנצען אונגערעכט. איז נעגאַנגען דיזער שרייבער און האָט זיך געקויפט אַ סע־

## דער שפּיגעל פון דער איסט סייד

קאַנד־הענדיגען טעקסט־בוך און גענומען לערנען אריטהמעטיק, איינפאַך צו טראַצען קאַהאַן. דאַן האַט ער ביסלעכווייז דורכ־געמאַכט די רידזשענטס־עקזאַמינייישאַנס, און מיט דער צייט איז ער אריין אין קאַלעדזש און איז געוואָרען אַ דאָקטאָר. יעצט איז ער אַנערקענט אַלס איינער פון אַמעריקאַ׳ס גרעסטע געלעהרטע, מיט אַ רעפּוטאַציאָן, וואָס גרייכט איבער דער גאַנצער וועלט. און דיזען ערפאָלג האָט דיזער געלעהרטער צו פערדאַנקען קאַהאַנ׳ען, אָדער ריכטיגער, קאַהאַן׳ס קאַפּריז.

פיעלע מענשען גלויבען אַז אין זיין קאַמפּף פאַר אַ פּראָס־טען אידיש און אין זיין געהן צום פאָלק איז קאַהאַן געגאַנגען צו ווייט, אַז ער האָט זיך דערביי צו פיעל ארונטערגעלאָזען. דאָס בעהויפּטען ניט נור זיינע געגנער, דאָס גיבען אויך צו פיעלע פון זיינע פריינד. זיי זאָגען אַז זיין אידיש קלינגט שוין גאָר ווייבעריש, אַז זיין מאַמע־לשון איז עהנליך צו אַ מענה־לשון. אָבער די שווערסטע בעשולדיגונג וואָס ווערט אויף איהם געמאַכט איז, אַז זוכענדיג צוצוקומען צום פאָלק אום איהם צו דערהויבען, האָט ער זיך שוין צו פיעל ארונטער־געלאָזען און אַז ער האָט פאַרגעסען צוליעב וואָס ער האָט זיך ארונטערגעלאָזען. דער פאַקט איז אַז עס איז פאַראַן אַ גע־וואַלדיגער אונטערשיעד צווישען קאַהאַן׳ס טהעטיגקייט פון פאַר דרייסיג יאָהר און היינט. ער איז טאַקע דערזעלבער סאָציאַליסט, דערזעלבער אידעאַליסט, אָבער זיינע מעטהאָדען זיינען ווייט ניט דיזעלבע. מיט דרייסיג יאָהר צוריק איז ער געווען אַ פּאָפּולאַריזאַטאָר פון סאָציאַליזם, פון וויסענשאַפט, ליטעראַטור און קונסט. היינט האָט ער „טהעאָרעטישע

אַרטיקלען". זיין יעצטיגע אידעע איז אַז מען דאַרף רעדען צו „משה'ן" ווי צו „משה", ניט נור מיט זיין שפּראַך, נור נאָך זיין געשמאַק. אַז מען דאַרף רעדען צו איהם וועגען זאַכען וואָס ער פאַרשטעהט און וואָס איהם אינטערעסירט. און דאָס טהוט יעצט דער „פאָרווערטס" אונטער קאהאַן'ס דירעקציאָן. מען שפּייזט דעם לעזער מיט וואולגאַרע זאַכען, אין אַרטיקלען ווי אין נייעס, אין די נייעס־אָפּטהיילונג גיט מען זעלטען רעפּאָרטען וואָס זאָלען האָבען אַ ווערטה אַלס אינפאָרמאַציאָן, מען זוכט בלויז „סמאַטשנע" געשיכטען, ווי גוט־פראָצעסען און איבערהויפּט געשיכטען וואָס האָבען צו טהאָן מיט דעם געשלעכטס־פּראָבלעם. קאהאַן שטאָלצירט מיט דעם ערפאָלג פון זיין „בינטעל בריעף", אָבער אַזוי קען אויך שטאָלצירען דער „קוועק" דאָקטאָר מיט דעם ערפאָלג פון זיינע מעטהאָדען אין קריגען פּאַציענטען און לאַכען פון די דאָקטוירים וואָס האַלטען זיך אָן די עטיק פון זייער פּראָפעסיאָן. אפילו אין דער קריטיק פון „פאָרווערטס" מערקט זיך די זעלבע וואולגאַריטעט. די טהעאַטער־קריטיק פון „פאָרווערטס" זוכט אויפצוהאַלטען דעם שונד אויף דער ביהנע ווי אין דעם זשורנאַליזם. און מערקווירדיג איז אַז פּערזענליך האָט קאהאַן אַ זעלטענעם ליטעראַרישען געשמאַק, זיינע אייגענע ליטעראַרישע ווערק, בעזאָנדערס אין ענגליש זיינען פון העכסטען ראַנג. דערפון מוזען מיר ציהען דעם שלוס אַז קאהאַן איז אַ קרבן פון זיין צוג צום פאָלק. ער איז פערפיהרט פון דער אילוזיאָן אַז „משה" שטעהט איבער אַלעס, אַז מען מוז איהם בעדיענען און איהם פאָלגען. פון אַ פיה־

## דער שפּיגעל פון דער איסט סייד

רער פון פאָלק איז ער גאָר געוואָרען א געפיהרטער פון פאָלק. קאהאן׳ס שיקזאל דערמאָנט אז די ערשטע ווייסע סעטלערס אין אמעריקא, וועלכע האָבען פּרובירט צו ברייננען ציוויליזאציאָן צו די אינדיאַנער און האָבען גאָר די אינדיאנער קאָרומפּירט, ווערענד אליין האָבען זיי איבערגענומען זייערע גרעסטע ווילדקייטען.

אין די פּערציג יאָהר פון זיין עפענטליכער טהעטיגקייט האָט קאהאן דורכגעלעבט שטורמישע צייטען, ער האָט געפיהרט פיעלע מלחמות, קעמפּפענדיג מיט וואָרט און שריפט ווי אמאָליגע העלדען מיט פייער און שווערד. עס איז אָבער א פאקט אז דיזע אלע מלחמות האָט קאהאן געפיהרט ניט מיט דער קאפּיטאליסטישער געזעלשאפט, געגען וועלכער ער האָט געפּרעדיגט, נור אין אייגענעם לאגער, פיהרענדיג א מין בירגער־קריעג. די קאפּיטאליסטישע געזעלשאפט האָט קאהאן באקעמפּפט בלויז טהעאָרעטיש, פארשפּרייטענדיג די מארקסיסטישע לעהרע, אָבער ניט פּראקטיש. ער האָט קיינמאָל, אין זיינע רעדעס אָדער ארטיקלען באריהרט וועלכע עס איז צייט פראגען, ניט גענומען קיין שטעלונג צו געגענווערטיגע פּראָבלעמען, ער האָט קיינמאָל ניט אטאקירט די פאָרשטעהער פון דער בורזשואזיע, אין דיזער הינזיכט איז ער געווען בלויז א לעהרער און ניט א קעמפּפער. דערפאַר אָבער אין די אייגענע ענגע קרייזען פון דער בעוועגונג איז ער אימער געווען בערייט צום קאמף, און אויך דאָ ניט אזוי אין פראקציאָנען־קאמפף, וואָס דאָס איז א וואָכעדיגע זאך אין דער בעוועגונג, נור ספּעציעל אין פּערזענליכע קאָנפליקטען מיט איינצעלנע

מענשען, אייגענע קאמעראדען. עס איז גענוג צו דערמאָנען אײן ביישפּיעל, זיין היסטאָרישען קריעג מיט לואי מיללער. אזא פארביסענהייט ווי אין דיזען קריעג האָט מען ניט גע־קענט טרעפען אין די שטרייטען פון קיין אנדער פּארטיי. און וואָס מען זאָל ניט זאָגען וועגען דיזען קאָנפליקט, ווי מען זאָל איהם ניט זוכען צו ערקלעהרען, איין פאקט בלייבט אונבע־שטרייטבאר: עס איז געוועזען א קאמפף ניט געגען מילעריזם, נור געגען מילער. דאָס הייסט, עס איז געוועזען א ריין־פּער־זענליכער קאָנפליקט. עס איז געוועזען א פשוט׳ער פערזענ־ליכער האס צו מילער. דער הויפּט־מאָטיוו איז געוועזען א פערזענליכער.

דאָס איז איינע פון די הויפּט־כאראקטעריסטיקען פון דיזען מענשען. דער פערזענליכער עלעמענט שפּיעלט ביי איהם די הויפּט־ראָלע. ער ווערט בעהערשט פון זיינע געפיהלען און נייגונגען, און ספּעציעל פון זיינע קאפּריזען. אָט דארום איז אין זיינע קעמפּפע ניטאָ קיין ראיעלע קריעגס־אורזאכע. ער קען זיך צוקריגען מיט א מענשען בלויז צוליעב א „פענסי“, זעהר אָפט ווייל יענעמ׳ס נאָז געפעלט איהם ניט. אנדערע מענשען צורייסען זיך אָפט צוליעב ביזנעס, אָדער צוליעב פּאליטיקס אָדער צוליעב ליעבע־אפערען, אָדער איבערהויפּט צוליעב וועלכע עס איז אינטערעסען, קאהאן געהט געוועהנליך אין קאמפף פאר א קאפּריז, ווי די אמאָליגע זעלבסטהערשער.

און אזעלכע מלחמות זיינען ביי קאהאנען ניט אויס־נאהמען, נור די רעגעל. ער קען זעלטען לאנג הויזען מיט א מענשען. און דער פאקט איז אז ער שטימט זעלטען מיט

זיינע קאמעראדען. ער האט קיינמאל ניט געקענט שטימען מיט קראנצען, וועלכער איז געווען א דזשענטעלמען אין פולען זין פוןווארט. ער האט ניט געקענט פארטראגען פייגענבוים, ער האט פיינט געהאט ווינטשעווסקי, וועלכען אלע האבען געליעבט, ער האט אויסגעמיעדען לאנדאנען, ער איז געווען פון ווייטען מיט הילקוויט, ער האט געהאסט זאמעטקינען און ניט געקענט אנקוקען הורוויטשען. אויב ער שטימט ווי עס איז מיט זיין יעצטיגען סטאף איז עס ספעציעל וויל ער האלט זיך שטענדיג פון ווייטען פון זיי, זיצענדיג פארשפארט אין זיין סאנקטום. זיין קאנפליקט מיט מילער איז געווען דער שארפסטער בלויז דערפאר וואס מילער איז געווען מעהר קעמפפער פאר אנדערע. אנדערע האבען איהם אפט פארשוויגען. דער טראבעל צווישען קאהאן און מילער קען אויסגעדריקט ווערען אין דעם רוסישען ווערטעל: „קאסא נאשלא נא קאמיען“.

דער רעזולטאט דערפון איז אז קאהאן האט זעהר ווייניג פערזענליכע פריינד, בלויז קאמעראדען אין דער באוועגונג, וועלכע בייטען זיך ווי די פיגורען אין מואווינג פיקטשורס. עס איז א מערקווירדיגע איראניע פון שיקזאל, אז דער מאן מיט דער גרעסטער פאפולאריטעט איז אין פריוואט לעבען דער איינזאמסטער מענש. עס איז ווירקליך טראגיש, ווייל קיין מענש קען ניט זיין גליקליך אהן אמת'ע אינטימע פריינדשאפט. מעגליך אז דאס איז דער רעזולטאט פון דיזעלבע אייגענשאפטען וואס האבען געשאפען קאהאן'ס פאפולאריטעט. עס קען זיין אז אזא מענש וואס ליעבט א וועלט און ווערט

# אב. קאהאַן

פערעהרט פון אַ וועלט איז טאַקע ניט פעהיג צו אינדיווידועלע פריינדשאַפט. שענקענדיג די ליעבע צו די מאַסען, בלייבט ביי איהם גאַרניט אויסצוטהיילען צו איינצעלנע מענשען.

דער פאַקט איז אַז קאהאַן האַלט שטענדיג אין זוכען פריינד. די מענשליכע נאַטור פאָדערט עס. אָבער ער קען זיי לאַנג ניט אָנהאַלטען. אין דיזער זוכענים פון פריינד האָט קאהאַן דעמזעלבען מזל ווי אין זוכען טאַלאַנטען פאַר דער אידישער ליטעראַטור און זשורנאַליסטיק. אין שאַפען פריינד איז ער אַזוי אונגליקליך ווי אין שאַפען זיינע „גולם'ער". אַלע ווײַלע ענטדעקט ער אַ נייעם פריינד, ער ווערט פאַר איהם אויף אַ ווײַלע בעגייסטערט, דאַן פאַרבראַ־קירט ער איהם ווי איינעם פון זיינע „גולם'ער". דער רעזול־טאַט איז אַז אויף דיזער וויַיזע האָט זיך קאהאַן ערוואָרבען אַ ריעזיגע צאָהל פון עקס־פריינד, וועלכע זיינען אייגענטליך קיינע שונאים, נור גלאַט פאַרבראַקירטע פריינד. איינער וואָס האָט געקענט קאהאַן אינטים דערצעהלט פאָלגענדעס וועגען דיזער אייגענשאַפט זיינער: ווען קאהאַן געהט אין גאַס און טרעפט אָן אַ באַקאַנט געזיכט, וואָס ער האָט שוין לאַנג ניט געזעהן, קומט ער אין אַ פערלעגענהייט. ער קען זיך גלייך ניט דערמאָהנען צו דאָס איז אַ פריינד אָדער ניט און דאַרום ווייס ער ניט ווי די אָנגעטראָפענע פערזאָן צו בע־גריסען, צי וואַרעם, צי קאַלט, צי אינדיפערענט. ער איז ניט דער מענש צו פאַרגעסען אַ קריוודע און צו פאַרגעבען, אָבער ווי קען מען די אַלע קריוודעס טראָגען אימער אין קאָפּ און זיך גלייך דערמאָנען? און אין אַזאַ פאַל איז מעגליך אַ

## דער שפּיעגעל פון דער איסט סייד

טעות, ער זאָל איגנאָרירען אַ פריינד און בעגריסען אַן אונ־פריינד, אָבער, ווי געזאָגט, עס איז בלויז אַ שטיקעל פער־לעגענהייט, ווייל די שנאה ווי די פריינדשאַפט איז אונבע־דייטענד.

מען זאָגט געוועהנליך אַז גרויסע מענשען האָבען גרויסע פעהלערן, אָבער אין קאהאַן׳ס פאַל זעהען מיר אַ גרויסען מענשען מיט קליינליכע פעהלערן. ווי קליינליך אָבער ער זאָל זיך ניט אמאָל מאַכען, דורך עפּעס אַ קאפּריז, בלייבט ער אַלץ אַ ריעזיגע פיגור און אַ געוואַלדיגע קראַפט צום גוטען. ער איז אַ סימפּאַטישע, אַנגענעהמע פּערזענליכקייט וואָס בע־ציערט דעם שפּיעגעל פון דער איסט סייד. נור קליינליכע מענ־שען קענען זיך אָפּשטעלען אויף זיינע קליינליכע פעהלערן און פאַרזעהן זיין גרויסע באַדייטונג. אויב מיר צייגען אַרויס דיזע שטריכען פון זיין כאַראַקטער איז עס בלויז ווייל זיי זיינען נויטיג אַלס אַ הינטער־גרונד פון דעם בילד און ווייל זיי העלפען אונז פאַרשטעהן זיינע האַנדלונגען.

## פּרץ װיערניק.

געבוירען אין װילנא אין 1865, האט געקראגען א אידישע ערצי־הונג אין ריגא, קאװנא און ביאליסטאק, איז געקומען אין אמעריקא אין 1885 און זיך בעזעצט אין שיקאגא, װאו ער איז געװען מיט־ארבייטער און שפּעטער רעדאקטאר פון „אידישען קוריער". איז 1898 אנגעקומען אין „טאגעבלאט", אין 1901 געװארען רעדאקטאר פון „מארגען זשורנאל", פון דעם ערשטען נומער אן. איז פער־פאסער פון פיעלע שריפטען, דארונטער „די אלגעמיינע געשיכטע פון אידען", און אויך א װערק אין ענגליש: „די היסטאריע פון אידען אין אמעריקא". איז אויך געװען מיטארבייטער אין דער אידי־שער ענציקלאפּעדיא און פיעלע גרויסע צייטשריפטען. איז א טהעטיגער מיטגליעד אין „דזשאינט דיסטריביושאן קאמיטע" און פיעלע אנדערע װיכטיגע אידישע ארגאניזאציאנען.

## פּרץ וויערניק

אונזער איסט סייד איז רייך אין אַלערליי טהוער און ניט־טהוער, אין מענשען וואָס לאָזען זיך הערען און זעהן, וואָס פארהילכען די מוחות און פארבלענדען די אויגען, זיי האַלטען זיך געוועהנליך פאר „סטאַרס", אָבער אין דער ווירקליכקייט זיינען זיי כמעט אַלע קיינע אמת'ע שטערן, נור פּלאַנעטען, וואָס בעלאַנגען צו אַ געוויסער זון־סיסטעם און זיינען צוגעקייטעט צו זייער זון דורך דעם געזעץ פון גראַוויטעט. זייער שיין, ווי ביי אַלע פּלאַנעטען, איז ניט קיין אייגענע. אַ פּלאַנעט, ווי בעוואוסט, איז אליין פינסטער און שלאָגט בלויז אָפּ די שיין פון דער זון. זייער איינציגע בערעכטיגונג צו דער בעצייכנונג שטערן ליגט אין זייער נאַטור צו שטערען.

אַ אנגענעהמע אויסנאַהמע אויף אונזער האָריזאָנט איז פּרץ וויערניק. ער געהערט ניט צו די וואָס הילכען און בלענדען, ער געהערט אויך ניט צו די פּלאַנעטען וואָס דרעהען זיך אַרום אַ געוויסער זון און שלאָגען בלויז אָפּ די שיין פון איהרע שטראַהלען. ער איז אליין אַ זון פאַר זיך, ער איבט אוים אַ גראַוויטאַציאָן איבער אַנדערע, און ער העלפט בעלויכטען פיעלע פּלאַנעטען.

פרעגט ביי דיעזע „פּלאַנעטען" און זיי וועלען אייך זאָגען, אַז זיי שיינען מיט זייערע אייגענע שטראַהלען, וועהרענד וויערניק איז אַ פינסטערלינג, אַז ער מיידעט אוים די שיין

## דער שפּיגעל פון דער איסט סייד

פון דער זון, זיי האַלטען איהם פאַר א רעאַקציאָנער און פאַר א „שוואַרצען". דאָס איז אָבער די מיינונג בלויז פון די פּוסטע קעפּ. די אינטעליגענטערע צווישען זיי ווייסען אין הארצען אז וויערניק איז א ליכטיגער שטערן פון ערשטען ראנג. מיר ווייסען אז קאהאן בעוואונדערט וויערניק'ס גרויס־קייט און רעספּעקטירט זיינע מיינונגען, אָבוואָהל ער איז מיט איהם ניט איינפערשטאנדען.

דער פאַקט איז, אז וויערניק קען בעצייכענט ווערען אַלס דער „דיען" פון די אידישע שריפטשטעלער און זשורנאַליס־טען אין אמעריקא. זיינע ביטערסטע געגנער מוזען צוגעבען אז זיינע עדיטאָריעלס אין „מאָרגען־זשורנאַל" וואָלטען גע־קענט זיין א ציערונג פאַר די גרעסטע וועלט־צייטונגען, אזא צייטונג ווי די „טיימס" וואָלט געמעגט שטאָלצירען מיט זיי. ער איז פאָלשטענדיג אָריגינעל, ער שפּיגעלט ניט אָפּ געבאָרגטע געדאנקען, ער איז א קלאָהרער, זעלבסטשטענדיגער דיינקער פון העכסטען ראנג.

מיר גלויבען ווירקליך אז אַלס דיינקער האָט וויערניק קיין גלייכען צו זיך צווישען אידישע שרייבער. מיר האָבען פיעלע פעהיגע מענשען, ספּעציעל צווישען די ראַדיקאַלען, אָבער נאָך אַלעמען איז יעדער איינער פון זיי בלויז א תלמיד פון דיזען אָדער יענעם פיהרער אָדער לעהרער, און זייער דיינ־קען איז בעגרענצט פון דער שוהלע צו וועלכער זיי בעלאַנגען. וויערניק איז אין זיין דיינקען אינדעפּענדענט און אָריגינעל, ער איז ווי א דיינקונגס־מאַשין, וואָס ארבייט קאָרעקט ווי א זייגער.

## פּרץ וויערניק

פּרץ וויערניק האָט די רעפּוטאַציאָן פון אַ לעבעדיגער ענציקלאָפּעדיע. די וואָס קענען איהם גוט, בעוואונדערען זיינע קענטניסע. וואָס איהר זאָלט איהם ניט פרעגען ווייס ער, און ער גיט אייך גלייך דעם ריכטיגען ענטפער, און וואָס ער האַלט ניט אין זכרון, ווייל עס איז ניט נויטיג, איז ביי איהם פערצייכענט אין אַ קאַרד־אינדעקס אין זיין קאַבינעט, וואו אַלעס איז קלאַסיפיצירט אין דער בעסטער אָרדנונג. זיין הויז איז ווי אַ פּאָבליק לייברערי. רופט איהם אָפּ אויפ׳ן טעלעפאָן און שטעלט איהם אירגענד וועלכע פראַגע וואָס האָט צו טאָן מיט׳ן אידישען לעבען פון פאַרצייטען און פון היינט, אָדער אירגענד וועלכע וועלט־פראַגע, וועט איהר גלייך קריגען אַ פּינקטליכען ענטפער. עדיסאָן׳ס קוועסטשיאָנער איז פאַר איהם אַ קינדער־שפּיעל. מען קען ווירקליך זאָגען, אַז וואָס ער ווייס ניט, איז ניט ווערטה צו וויסען. ער וועט אייך געבען אינפאָרמאַציעס וואָס איהר וועט ניט געפינען אין קיין ענציקלאָפּעדיע, דאָס זיינען אינפאָרמאַציעס וואָס ער האָט אַליין געזאַמעלט און קלאַסיפיצירט.

צו זיין אַן ענציקלאָפּעדיע איז אָבער ניט זיין ציעל, נור אַ מיטעל צום ציעל. עס זיינען פאַראַן מענשען וואָס זאַמלען אינפאָרמאַציעס בלויז פאַר דעם פערגעניגען זיי צו בעזיצען, פּונקט ווי עס זיינען פאַראַן מענשען וואָס זאַמלען געלד בלויז פאַר דעם פערגעניגען דאָס צו צעהלען. וויערניק קלייבט זיין אינפאָרמאַציע פאַר דעם טעגליכען געברויך פאַר זיין דיינקען און זיין שרייבען און ער מאַכט דערפון אַ גוטען געברויך.

וויערניק איז אָהן צווייפעל קאָנסערוואַטיוו, אָבער ער

## דער שפיעגעל פון דער איסט סייד

איז קאָנסערוואַטיוו אין זיינע פּאָליטישע אנשויאונגען און ניט אין זיינע האנדלונגען צו מענשען. אין דיזער הינזיכט איז ער פיעל מעהר ליבעראַל ווי דאָס רוב ראַדיקאַלען. ער איז העכסט טאָלעראַנט, און ער רעספּעקטירט מיינונגען, איבער־צייגונגען און געפיהלע פון אנדערע. ער איז אַ קאָנטראַסט צו דאָס רוב ראַדיקאַלען, וועלכע זיינען פאַרביסענע פאַנאַ־טיקער און זיי האַלטען געוועהנליך איהם פאַר א רעאַקציאָנער. אין אמת'ן מעגען זיי ביי איהם נעהמען לעסאָנס אין ליבע־ראַליזם.

וויערניק האָט איין שוואַכקייט, וועלכע בעהערשט איהם, דאָס איז זיין אַנטיפּאַטיע צו אַלעם וואָס איז רוסיש. דאָס וואַרפט זיך אין די אויגען אין זיינע שריפטען און דאָס מערקט מען אין פּערזענליכען געשפּרעך מיט איהם. מיר האָבען גע־קענט מענשען, וועלכע האָבען פריהער געהאַסט דעם קאַצאַפּ און האָבען איהם אַנגעפאַנגען פערגעטערן צוליעב דער פּאָלי־טישער איבערקעהרעניס אין רוסלאַנד. וויערניק איז געבלי־בען ביי זיינע מיינונגען און געפיהלען פון פריהער. ער האַסט טאַקע רוסלאַנד פאַר די צרות וואָס זי האָט אָנגעטהאָן די אידען, אָבער ער אורטהיילט איהר ניט נור פאַר דעם, ער האַלט איבערהויפּט ניט פון רוסלאַנד, ער לייקענט איהר גרויס־קייט אין וועלכען עס איז פעלד, ער האַלט איהר פאַר הינ־טערשטעליג אין ציוויליזאַציאָן און ער זעהט אין איהר קיינע האָפנונגען אין דער נאָהענטער צוקונפט. דער שרייבער פון דיזע צייַלען איז גראַד אַ רוסאָפיל, אָבער ער מוז צוגעבען אַז אַלע זיינע אַרגומענטען און כללים, וואָס וויערניק האָט אַנ־

געגעבען זייט די לעצטע צוואַנציג יאָהר וועגען רוסלאַנד, האָבען אויסגעהאַלטען די פּראָבע, דערוויל שטימען די פאַק־טען מיט וויערניק'ס טהעאָריען. די דיינקונגס־מאַשין האָט מעהר אויסגעהאַלטען די פּראָבע ווי דער סענטימענט. דאָ זיינען אַ פּאָר ביישפּיעלע:

מיר געדיינקען אַז אין דער צייט ווען רוסלאַנד האָט נאָך געשפּיעלט די ראָלע פון אַ גרויסמאַכט אין דער וועלט, ווען די גרעסטע אייראָפּעאישע שטאַאַטסמענער האָבען זיך געשראָקען פאַר דער רוסישער געפאַהר, האָט וויערניק אין זיינע עדיטאָריעלס, נאָך מיט פינף און צוואַנציג יאָהר צוריק, גע'טענה'ט אַז דער רוסישער קאָלאָסוס איז ניט מעהר ווי אַ ליימענער גולם, ער האָט געלייקענט אַז רוסלאַנד איז איבער־הויפּט אַ מיליטערישע מאַכט, ער האָט שטענדיג בעהויפּטעט אַז רוסלאַנד'ס מיליטאַריזם עקזיסטירט בלויז אויפ'ן פּאַפּיער. און ווען דער קריעג צווישען רוסלאַנד און יאַפּאַן איז אויסגע־בראָכען, האָט וויערניק גאָר קיין צווייפעל ניט געהאַט אַז רוסלאַנד מוז פאַרשפּיעלען. ער האָט ערקלעהרט אַז רוסישע סאָלדאַטען זיינען קיינע סאָלדאַטען, אַז איהרע גענעראַלען זיינען קאַליקעס, אַז זי האָט אַבסאָלוט קיינע רעסורסען און אַז איהר פעהלט דערצו די הויפּט־זאַך: פּאַטריאָטיזם. און דאָס אַלעס איז שפּעטער בעשטעטיגט געוואָרען, ספּעציעל דער לעצטער פונקט, אַז אין רוסלאַנד איז גאָרניט פאַראַן קיין פּאַטריאָטיזם.

ער האָט פאָראויסגעזאָגט דעם סוף פון דער רוסישער רעוואָלוציאָן. ווען דער צאַריזם איז געפאַלען און די רוסישע

## דער שפּיגעל פון דער איסט סייד

ליבעראַלען אונטער דער פיהרונג פון מילוקאָוו און ראַדיטשעוו האָבען געוואונען די מאַכט, האָט ווערניק ערקלעהרט אַז די ליבעראַלען זיינען גראַד אַזעלכע פּוסטע מענשען ווי די פיה־רער פון דער אַטאָקראַטיע, און דאָס איז גלייך בעשטעטיגט געוואָרען דורך דעם קלעגליכען פאַל פון קערענסקי'ס רעגירונג. ביי איהם זיינען אַלע רוסען גלייך: סטאָליפּין, מילוקאָוו, קערענסקי, פּלעכאַנאָוו און לענין. און ווען מיר זעהען וואָס עס האָט זיך אויסגעלאָזען פון רוסלאַנד, מוזען מיר צוגעבען אַז זיין דיאַגנאָזע האָט געהאַט אַ שטאַרקען גרונד. דאָס אַלעס איז אָבער קיין ערקלעהרונג פאַר זיין אַנטיפּאַטיע צו רוסלאַנד. ער מעג זיין גערעכט מיט'ן קאָפּ, אָבער ניט מיט'ן סענטימענט. ער מעג זיך טאַקע איבערנעהמען וואָס זיין טהעאָ־ריע האָט אויסגעהאַלטען, אָבער מיר זעהען קיין אורזאַכע פאַר אַ צופריעדענהייט מיט רוסלאַנד'ס מפּלה. ווי געזאָגט, מיר בעטראַכטען עס אַלס זיינע אַ ספּעציעלע שוואַכקייט. צו זאָגען דעם אמת, מיר זיינען שטאַרק חושד אַז דער „פּינ־סטערלינג" ווערניק איז גאָר אין האַרצען אַ פּראָ־באָלשעוויק, אַז ער איז גאָר ניט אונצופריעדען מיט'ן סאָוויעט רעזשים. ביי איהם מוז אויסקומען, אַז רוסלאַנד פאַרדיענט ניט אַ בעסערע רעגירונג.

מיר האָבען אויבען בעצייכענט פּרץ ווערניק אַלס אַ דיינקער, אַלס אַ מין דיינקונגס־מאַשין און איבערהויפּט אַ קאַבינעט־מאַן. דאָך אויב אימיצער וועט דערפון ציהען דעם שלוס, אַז ער איז אַן אָפּגעשלאָסענער פון דער געזעלשאַפט, ווי אַ דייטשער פילאָזאָף, וואָס איז פאַרטיעפט אין זיינע גע־

דאַנקען און זעהט ניט ווייטער פון דער נאָז, וועט ער האָבען דעם גרעסטען טעות. וויערניק איז ניט נור א דיינקער, נור אויך א טהוער און א געזעלשאפטסמאַן. ער איז טאַקע קיין פּאָליטישען, קיין אַגיטאַטאָר, קיין פּראָפּאַגאַנדיסט, ער זוכט ניט צו שיינען אין דער עפענטליכקייט, און אָבוואָהל ער איז פאראַנטוואָרטליכער רעדאַקטאָר פון „מאָרגען זשורנאַל“, ער־שיינט דאָרט זיין נאָמען זעהר זעלטען. און דאָך איז ער זעהר א טהעטיגער מענש אין דער שטיל. ער געהערט צו פיעלע אָרגאַניזאַציאָנען, וואו ער נעהמט זעהר אַן אַקטיוועןאנטהייל, ווי אין דעם „דזשאָינט“ און „האיאַס“, און זייענדיג א פּינקטליכער מענש, פערנאַכלעסיגט ער קיינמאָל ניט זיינע פליכטען. דיזע טהעטיגקייט זיינע איז ווירקליך א מוסטער־האַפטע. ער איז טהעטיג ניט נור מיט ראַטה, נור אויך מיט טהאַט. ער איז צווישען די ערשטע צו געבען א קאָנטריביו־שאָן, וואו הילפע איז נויטיג, און ער העלפט ניט נור אין פּאָבליק, נור אויך פּריוואַט, אינדיווידועל. ער גיט מיט אַן אָפענער האַנד. ביי שנאָרערס איז ער בעקאַנט אַלס אַן „איזי מאַרק“.

מיר האָבען געזאָגט, אַז וויערניק איז בעשיידען, אַז ער זוכט קיין פּובליסיטי. עס זיינען פאראַן מענשען וואָס מיידען אוים פּובליסיטי, אייגנטליך ווייל זיי זיינען שעמעוודיג, פיעלע קאַבינעט־מענשען ווייסען ניט ווי זיך צו האַלטען אין געזעל־שאַפט. וויערניק בעלאַנגט ניט צו דיזע קלאַס פון געלעהר־טע. פאַרקעהרט, אין געזעלשאַפט איז ער זעהר פּאָפּולער. ער איז קיין גרינער אויף דער פּלאַטפאָרם, ספּעציעל צייכענט

## דער שפּיגעל פון דער איסט סייד

ער זיך אויס מיט זעלטענעם הומאָר ביי „עפּטער דינער“־ספּיטשעס. אין דעם איז ער אַזוי ערפאָלגרייך ווי „אונזער טשאַנסי“ דיפּיו. דאָס איז אָבער בעקאַנט בלויז אין ענגע אינטימע קרייזען. אויב ער שפּיעלט קיין גרויסע ראָלע אויף דער עפענטליכער פּלאַטפאָרם איז עס ניט ווייל ער איז אונפעהיג דערצו, נור ווייל ער מיידט עס אויס, ווייל ער האָט וויכטיגערע זאַכען צו טהאָן. בלויז צו זוכען כבוד איז ניט אין זיין נאַטור. פאַר איהם איז אַנגענעהמער צו ארבייטען אין דער שטיל אָהן אַ ספּעקטאַקל.

אין כאַראַקטעריזירען אב. קאַהאַן האָבען מיר געברויכט אַ טעסט. מיר האָבען איהם קאָנפראָנטעט מיט מענשען וועלכע ער בעגעגענט אין גאַס און וועלכע ער האָט שוין לאַנג ניט געזעהן, און מיר האָבען געזעהן ווי קאַהאַן קומט אין אַ פּערלעגענהייט, ניט וויסענדיג ווי זיך צו זיי צו האַלטען, צו מיט זיי זיך ארומכאַפּען, צו זיי איגנאָרירען. מיר האָבען געזעהן אַז קאַהאַן צייגט דערביי אַ לאַנגע שנאה און אַ קורצען זכרון. עס וועט זיין אינטערעסאַנט צו געברויכען דיזען טעסט אויף פּרץ וויערניק, אָבער בעפאָר מיר פּרובירען עס ווילען מיר עס בענוצען אויף אַנאַנדער פאַל. עס זיינען פאַראַן מענשען, ספּעציעל זיינען עס פּאָליטישענס, וואָס כאַפּען זיך ארום מיט יעדען איינעם וואָס זיי בעגעגענען, מעג עס זיין צום צווייטען מאָל אין זייער לעבען, פּונקט ווי יענער וואָלט געווען זייער בעסטער אָדער איינציגער פריינד. אַזאַ מענש איז געוועזן רוזוועלט. ווען ער האָט געזעהן אַ מענשען איינמאָל אין זיין לעבען, האָט ער געדיינקט זיין געזיכט און זיין נאָמען

און ער פלעגט איהם בעגריסען אלס ברודער, איהם א קלאפ טהאן אין פלייצע און איהם אנרופען מיט זיין ערשטען נאמען. דא זעהען מיר א פאל פון א לאנגען זכרון און א קורצע שנאה. זיין קורצע שנאה האט רוזוועלט געצייגט, ווען ער האט זיך ארומגעכאפט מיט טאפט, נאך דעם ווי זיי האבען זיך געהאט אזוי ביטער צוקריגט.

יעצט לאמיר מאכען דיזען טעסט מיט ווייערניק. ווען ער זאל טרעפען א בעקאנטע געזיכט, וואס ער האט שוין לאנג ניט געזעהן, וועט ער ניט האנדלען ניט ווי קאהאן און ניט ווי רוזוועלט, ער וועט ניט קומען אין קיין פערלעגענהייט ווי קאהאן און ער וועט יענעם ניט קלאפען איבער דער פלייצע ווי רוזוועלט. ער וועט געברויכען זיין אינדעקס וואס ער טראגט אין קאפ און שנעל קלאסיפיצירען דעם בעגעגענטען צו וואס פאר א מין ער געהערט. ער וועט עס טהאן ווי א נאטורא־ליסט קלאסיפיצירט א פלאנץ אדער אן אינסעקט, און ער וועט אין דעם קיין טעות ניט מאכען. דא האבען מיר א פאל פון א לאנגען זכרון און קיין שנאה. און דאס כאראקטעריזירט דיזען מענשען ריכטיג. ער האט קיין שנאה צו קיינעם, ער ווערט אויך ניט בעגייסטערט פאר קיינעם און ער איז ניט פארביסען נעגען קיינעם. רוזוועלט האט בעטראכט יעדען איינעם אלס א מעגליכען סופארטער און פאר איהם איז געווען נויטיג צו דערפרישען זיין פאפולאריטעט. קאהאן האלט פון דעם כלל, „ווער עס איז ניט פאר מיר איז געגען מיר“. ווייער־ניק, ווידער, בעטראכט יעדען מענשען אלס א ספעסימען און איין ספעסימען איז ביי איהם ניט ערגער פאר א צווייטען.

## דער שפּיגעל פון דער איסט סייד

ביי איהם איז אַ מענש ווי אַ בוך, פון וועלכען מען קען לערנען בלויז גוטעס.

און ווייל וויערניק זוכט ניט צו פּראָטערגיזירען מיט זיינע נאָכפאָלגער, איז ער ניט אזוי פּאָפּולער ווי קאַהאַן. צו זיין פּאָפּולער דאַרף מען ניט האָבען בעזאָנדערע פערדינסטע, מען קען זיין דער בעריהמטעסטער מענש און אויפטהאָן די גרעסטע זאַכען פאַר דער מענשהייט און דאָך ניט זיין פּאָפּו־לער. אַזאַביישפּיעל גיט אונז פּראָפעסאָר איינשטיין. דער הויפּט־אונטערשיעד צווישען קאַהאַן און וויערניק איז, דאָס קאַהאַן לאָזט זיך אָראָפּ צום פאָלק, וועהרענד וויערניק זוכט אויפצוהויבען דאָס פאָלק צו זיך. קאַהאַן האָט געשאַפען גולמ'ער, וויערניק האָט געשאַפען מענשען מיט אינטעלעקט. קאַהאַן איז דער פּראָפעט פון די מאַסען, וויערניק איז דער פאָרשטעהער פון דער מיטעל־קלאַסע און ביי דער מיטעל־קלאַסע האָט וויערניק אויפגעטהאָן פיעלייכט מעהר ווי קאַהאַן ביי די מאַסען.

וויערניק'ס איינפלוס אויף דער עפענטליכער מיינונג אין דעם אידישען קוואַרטאַל איז זעהר אַ בעדייטענדער. זיין הויפּט־אויפגאַבע איז צו אַמעריקאַניזירען די אידען, זיי זאָלען נעהמען אַן אינטעליגענטען אַנטהייל אין אַמעריקאַנער לעבען, זיי זאָלען דאָ ניט פאַרבלייבען פרעמד און אויסוואַנדערער און ער איז געווען טהעטיג אין דיזען פעלד כמעט אזוי לאַנג ווי קאַהאַן אין דער אַרבייטער־בעוועגונג, און ער האָט געהאַט פיעלייכט נאָך אַ גרעסערן ערפאָלג ווי קאַהאַן. אין דיזער טהעטיגקייט האָט זיך וויערניק ארויסגעוויזען אַלס אמת'ער

אידעאַליסט; אָבוואָהל ער האָט קיינמאָל ניט פּרעטענדירט צו זיין אַן אידעאַליסט. דער פאַקט איז אָבער אַז ער האָט שטענ־דיג געפּרעדיגט וואָס ער האָט געגלויבט און געפיהלט, ניט פאָלגענדיג קיינע דעקרעטען פון וועלכער עס איז פּאַרטיי. אין דיזען זין איז ער געווען פרייער פאַר די ראַדיקאַלע פאָלקס־מענשען, וועלכע מוזען פאָלגען אַ געוויסער דאָגמאַ. אָט דאַ־דום איז ער מעהר ליבעראַל און מעהר טאָלעראַנט ווי דאָס רוב ראַדיקאַלען.

וויערניק איז אַ „סעלף מייד מען“. ווי דער בעריהמ־טער ענגלישער דיינקער באָקל, האָט ער ערוואָרבען זיינע גרויסע קענטניסע ביי זיך אין קאַבינעט, ביי זיינע ביכער. באָקל האָט געשריבען די היסטאָריע פון דער ציוויליזאַציאָן אין ענגלאַנד, וויערניק האָט געשאַפען היסטאָריע אין דער ציוויליזאַציאָן פון אידען אין אַמעריקא. ער האָט געבראַכט ליכט אין דער פינסטערניש.

## יוסף באַראַנדעס.

געבוירען אין קאַמענעץ פּאָדאָלסק, 3טען יולי, 1867, געקומען אין אַמעריקא אין 1885, איז פון אַנפאַנג געווען אַן ארבייטער אין אַ לאָונדרי און שפּעטער אויף אַ פאַרם; אין צייט פון ערשטען גרויסען קלאָוקמייקערס סטרייק אין ניו יאָרק איז ער געוואָרען סטרייק־פיהרער און איז זייט דאַן אַ לאַנגע צייט פארבליבען ארגאַנייזער פון דער יוניאַן; איז געווען אויך אָרגאַנייזער פון די אינטער־נעשאַנעל ליידיס גאַרמענט וואָרקערס יוניאָן פון אַמעריקא. האַט אויך רעדאַגירט אייניגע ארבייטער פאַך־צייטונגען. זייט מעהרערע יאָהרען האַט ער זיך צוריקגעצויגען פון דער ארבייטער באַוועגונג און איז יעצט בלויז טעטיג אין דער ציוניסטישער באַוועגונג און פאַר'ן אידישען קאָנגרעס אין אַמעריקא.

# יוסף באַראָנדעס

אויף דער איסט סייד איז וואהרשיינליך ניטאָ נאָך איינער וואָס זאָל זיין אַזוי טהעטיג אין עפענטליכען לעבען ווי יוסף באַראָנדעס. וואו אַ פּאָבליק מיטינג פון אַלגעמיינע אינטערעסע איז ער דאָ אין מיטען אָדער אָפטער צום פראָנט. בעזאָנדערס פעהלט ער ניט ביי עפענטליכע צערעמאָניעס. אָהן איהם קען מען זיך ניט בעגעהן. ער פּאַסט זיך אויך דערצו פיזיש, מיט זיין שעהנער פיגור און מעכטיגע שטימע. ער איז אונזער צירונג.

מיט דרייסיג יאָהר צוריק איז באַראָנדעס'ס ראָלע ניט געווען אַזאַ מילדע. דאַמאָלס האָט ער זיך ניט בעשעפטיגט מיט צערעמאָניעס, דאַמאָלס איז ער געווען אַ קעמפּפער, אַ פיהרער אויפ'ן שלאַכטפעלד. אַלס אַרבייטער־פיהרער האָט זיין נאָמען געקלונגען איבער גאַנץ אַמעריקא. ער האָט אָנ־געפיהרט גרויסע סטרייקס און פלעגט בעגייסטערען די סטריי־קערס צו די גרעסטע אָפּפער, און ער איז פון זיי געווען פּשוט פערגעטערט. ער האָט אויך אַליין געבראַכט גרויסע אָפּפער, ער איז זאָגאַר געגאַנגען אין פריזאָן קעמפּפענדיג פאַר די אַרבייטער אינטערעסען, און איז שפּעטער מיט טריומף בע־פרייט געוואָרען אויף דער פאָדערונג פון דער גאַנצער בע־פעלקערונג. ער האָט דאַמאָלס דורכגעלעבט אַ שטורמישע צייט. איצט איז באַראָנדעס אַ פאַרלאָשענער וואולקאַן. ער

האָט אויפגעגעבען קריעג, ער איז געוואָרען א מאַן פון פריע־
דען.

באַראָנדעס איז יעצט טהעטיג אין דער ציון־בעוועגונג
און ער גיט זיך פיעל אָפּ מיט'ן אידישען קאָנגרעס. ער איז
איבערהויפּט אַן אונערמידליכער כלל־טהוער און ער איז אזוי
פארנומען מיט קהל'שע זאַכען, אַז עס בלייבט איהם ווייניג
צייט פאַר זיינע אייגענע פּריוואַט־ביזנעס. ער ברייגנט יעצט
פיעלייכט נאָך מעהר אָפּפער ווי אמאָל, ווען ער איז געווען
פאררעכענט אַלס מארטירער, אָבער זיין יעצטיגע טהעטיגקייט
איז א מעהר געלאַסענע און מעהר געזעצטע.

באַראָנדעס האָט זיך צוריקגעצויגען פון דער ארבייטער־
בעוועגונג ניט ווייל ער האָט פארלאָרען אמונה אין איהר,
אָדער ער איז אין איהר ענטוישט געוואָרען, נור איינפאַך
ווייל ער איז מיעד געוואָרען פון דעם קאַמפּף און האָט
געזוכט פריעדען. אגב האָט ער געוואָלט מאַכען א לעבען
פאַר זיך און ניט זיין אָפּהענגיג פון דער בעוועגונג. אָבער
מעהר ווי אַן אינדעפּענדענט לעבען האָט ער גאָרניט געזוכט
צו מאַכען. אין זיין ביזנעס, אינשורענס, מיט זיין גרויסען
נאָמען, מיט זיינע בעקאַנטשאַפטען און פעהיגקייטען וואָלט
ער געקענט ערציעלען דעם גרעסטען ערפאָלג, אָבער ער קען
זיך אין גאַנצען צו ביזנעס ניט אָפּגעבען, איהם ציהט נאָך
אַליץ צום עפענטליכען לעבען, צו דער עפענטליכער ביהנע, און
דאָס קאָסט איהם צייט, מיה און געלד. דערפון מוזען מיר
ציהען דעם שלוס, אַז ער האָט זיך צוריקגעצויגען פון דער
בעוועגונג ניט צוליעב ביזנעס, ניט אום צו מאַכען געלד, נור

אום צו פיהרען אַ רוהיגערען לעבען. פריהער איז ער געווען אַ טשעמפּיאָן פון די מאַסען, יעצט איז ער איינפאַך אַ „פּאָבליק ספּיריטעד סיטיזען". דער אונטערשיעד איז זעהר אַ גרויסער. אַן אַקטיווער פיהרער, ספּעציעל איינער מיט אַן אַמט, מעג ער זיין אַ באָס, מעג ער זיין אַ דיקטאַטאָר, איז ער ניט מעהר ווי אַ פּאָבליק דיענער. ער געהערט ניט צו זיך זעלבסט. ער געהערט ניט צו זיין פאַמיליע, ער איז אַ פּאַרקויפטער מענש. ער איז אַ „פּאָבליק פּראָפּערטי". דאָס רוב מענשען מיט אַמביציעס זוכען עס טאַקע צוליעב כבוד. עס זיינען פאַראַן מענשען וואָס זיינען בערייט אויפצוגעבען לוינענדע ביזנעס פאַר אַ פּאָבליק אָפיס, מיט אַ נאָמינעלען געהאַלט, זיי פאַר־שטעהן ניט אַז מען קען קריגען פיעל מעהר כבוד זייענדיג אינדעפּענדענט.

עס זיינען אין דער אַרבייטער בעוועגונג געווען פיהרער, וועלכע זיינען שפּעטער געוואָרען באָסעס, אָדער גלאַט בור־זשוא, און אַלס אַזעלכע האָבען זיי זיך אַרויסגעציילט אַלס גרעסערע שונאים ווי די ביטערסטע רעאַקציאָנערען און קאַ־פּיטאַליסטען. באַראַנדעס געהערט ניט צו דיזע „עקסען". צו־ריקציהענדיג זיך פון דער בעוועגונג איז ער ניט געוואָרען איהר שונא, ער האָט איהר ניט פערראַטהען, ער איז ניט אַרי־בער אין דעם אַנדערען לאַגער. ער איז פערבליבען אידעאַ־ליסט. ער געהערט אָבער ניט צו קיין קלייזעל. ער איז ניט סאָציאַליסט און ניט אַנטי. ער איז ניט ראַדיקאַל און ניט קאָנסערוואַטיוו, ער איז ניט פּראָלעטאַריער און ניט בור־זשוא, ניט רעפּובליקאַנער און ניט דעמאָקראַט, ער איז

איבערהויפּט ניט קיין פּאָליטישען. ער איז בלויז „סיטיזען באַראָנדעס“ און אַלס סיטיזען איז ער גענוג טהעטיג, פּיעלייכט נאָך מעהר ווי פריהער אַלס לייבאָר לידער. ער געהערט צו צעהנדליגע אָרגאַניזאַציאָנען, און ארבייט פאַר זיי מיט אַלע כחות, אָבער ער נעהמט ניט אָן קיין אַקטיווען אמט. אין פאַר דיזע טהעטיגקייט קריגט באַראָנדעס קיינמאָל ניט בע־צאָהלט, ניט דירעקט דורך געהאַלט אָדער אינדירעקט דורך ביזנעס. פאַרקעהרט, עס קאָסט איהם שטענדיג געלד, וואו נור מען קלייבט עפּעס א פאָנד איז ער צווישען די ערשטע בייצושטייערן. ליידער איז דאָס אין אונזער עפּענטליכען לעבען ניט די רעגעל נור אַן אויסנאַהם. א גרויסע צאָהל פון אונזערע טהוערס, ספּעציעל אין אינסטיטישאָנס, זיינען ניט געבער, נור נעהמער. עס איז ניטאָ אַן אינסטיטושאָן, מיט וועלכער עס זאָלען ניט זיין פערבונדען א צאָהל כלל־טהוער, וואָס זיינען דאָרט טהעטיג בלויז פאַר ביזנעס. און אָפט זיינען דיזע מענשען גראָד רייך, און וואָס רייכער זיי זיינען אַלץ מעהר זוכען זיי צו פּראָפּיטירען פון טשאַריטי. דאַרף מען בויען אָדער קויפען א בילדינג פאַר אַן אינסטיטושאָן, מוז דער מסחר דורכגעהן זייערע הענד, און זיי מוזען אָפּלעקען א ביינדעל. איז עפּעס פאַראַן א פּאָדריאַד, מיז עס געהן אין „אייגענע“ הענד, און אָהן גרעפּט געהט ניט. דאָס פאַר־דריסליכע אין דעם איז וואָס דאָס געהט צו אָפען און דער עולם דיינקט אַז עס דאַרף אזוי זיין. מען פערשוויייגט עס אום אויסצומיידען לייטישע געלעכטער. אָט דארום געהען אָפט די עהרליכע טהוער האנד אין האנד מיט די אונעהרליכע,

## יוסף באַראָנדעס

איינער איז אַ געבער און דער צווייטער איז אַ נעהמער. באַראָנדעס געהערט אימער צו די געבער.

עס איז פאַראַן איין רייכער פילאַנטראָפּ וואָס געהערט טאַקע צו די געבער, אָבער ער מאַכט אונז אַלעמען גליקליך מיט זיינע טענות אַז ער גיט צו פיעל. ער צייגט שטענדיג אָן אויף אַנדערע רייכע און בעהייפּטעט אַז ער גיט פּראָפּאָר־ציאָנעל מעהר פאַר זיי. מען וואָלט געקענט דיינקען אַז ער ווערט בדלות. אין אמת׳ן איז ער אַ פיעלפאַכער מיליאָנער. ער גיט געלד און וויינט. באַראָנדעס איז אַ קבצן און פּראָ־פּאָרציאָנעל גיט ער טויזענד מאָל אַזוי פיעל ווי יענער פילאַנ־טראָפּ־מיליאָנער, און ער וויינט ניט און ער בעריהמט זיך ניט.

נאָך מעהר: אויסער וואָס באַראָנדעס צאָהלט זיינע בייי־טרעגע צו אינסטיטושאָנס און שיינקט זיי צייט און מיה, טהוט ער אויך טשאַריטי אינדיווידועל פון זיין אייגענעם פּאַקעט. די מיליאָנערען העלפען קיינמאָל ניט אין איינצעלנע פעלע, זיי ווערען קיינמאָל ניט געריהרט פון אַ פאַל פון נויטה, מעג עס זיין ווי טראַגיש. ווען אַזאַ פאַל קומט פאַר זייערע אויגען, צייגען זיי אויף זייער בייטראַג צו די טשאַריטים און הייסען זיך ווענדען צו די טשאַריטים. באַראָנדעס איז ניט אַזוי פּראַקטיש. וואו נור ער זעהט אַ פאַל פון נויטה, פיהלט ער אַז עס איז זיין פליכט צו העלפען וויפיעל ער קען, געבענדיג פון אייגענעם פּאַקעט. און דער רעזולטאַט איז אַז מען רייסט איהם טאַקע אימער פאַר די פּאָלעס. געהט אַריין אין זיין אָפיס און איהר וועט געפינען אַ ליין מענשען, וואָס זוכען פון איהם טובות. און ער ווייזט קיינעם ניט צוריק, ער בעהאַלט

## דער שפּיגעל פון דער איסט סייד

זיך ניט, ער הערט אויס יעדען איינעם און העלפט נאָך זיין מעגליכקייט. איבערהויפּט קומט מען צו באַראָנדעס נאָך אַלערליי „פייוואָרס" ווייל ער איז אַ מאַן מיט אַן איינפלוס. איינער זוכט דורך איהם אַ שטעלע, אַ צווייטער אַ הילפע אין ביזנעס, אַ דריטער גלאַט אַ רעקאָמענדאַציע. ווער עס איז אין טראָבעל מיט דער פּאָלים אָדער מיט דער סיטי אַדמיני־סטריישאָן אָדער מיט די קאָורטס, קומט צו באַראָנדעס נאָך אַן עצה אָדער הילפע און באַראָנדעס ענטזאַגט עס קיינמאָל ניט. אַט דאַרום קען מען זאָגען אַז באַראָנדעס איז אַן אינ־סטיטושאָן פאַר זיך, אַן אינסטיטושאָן וואָס שטעהט העכער פאַר די אָרגאַניזירטע טשאַריטים, ווייל דיזע אינסטיטושאָן בעזיצט עפּעס וואָס פעהלט די אַנדערע: אַ אידישע האַרץ.

יעדער מענש איז אַן עגאָאיסט, יעדער מענש האָט זיך אין זינען, וואָס פאַר גוטעס ער זאָל ניט טהאָן, און באַראָנ־דעס איז קיין אויסנאַהם פון דיזער רעגעל. ער האָט איין גרויסע שוואַכקייט: ער זוכט פּובליסיטי. עס איז ביי איהם אַ געוואָהנהייט נאָך פון די צייטען ווען ער איז געווען לייבאָר לידער, און ער קען זיך דערפון ניט אָפּגעוואָהנען. דער אונ־טערשיעד אָבער צווישען איהם און פיעלע אַנדערע איז, דאָס אַנדערע זוכען צו מאַכען געלד דורך פּובליסיטי, וועהרענד ער צאָהלט דערפאַר.

באַראָנדעס קען בעצייכענט ווערען אַלס דער אָפיציעלער צערעמאָניע־מייסטער פון דער איסט־סייד. ער גלייכט צו פונקציאָנירען ביי עפענטליכע צערעמאָניעס און דאַרום פעהלט ער זעלטען ווען עס מאַכט זיך אַ געלעגענהייט

דערצו. און דורך לאַנגע ערפאַהרונג איז ער געוואָרען אַ ספּעציאַליסט אין דעם. ער קען קומען צו אַ באַנקעט אָהן שום נאָטיס, גלאַט אריינפאַלען צופעליג און ווערען דער הויפּט־מאַכער דערפון. בעזאָנדערס פעהלט ער ניט ביי לוויות פון פּראָמינענטע מענשען, און ער בעזאָרגט שוין אַז זיי זאָלען קריגען ריכטיג די לעצטע עהרען. אַ פּאָבליק לויה קען זיך אָהן איהם ניט בעגעהן, פּונקט ווי אָהן דעם אָנדערטייקער.

מיר האָבען אָפט בעגעגענט פּאָליטישענס וועלכע טהוען פיעלע טובות צו זייערע מיטבירגער. אָבער זיי טהוען עס מיט אַ מאָטיוו, זיי דאַרפען צייגען זייער גוטסקייט, אום ווען די צייט קומט זאָלען זיי דאַפיר קריגען וואוטס. און די פּאָליטישענס ווערען אַזוי צוגעוואהנט צו העלפען יעדען איינעם וואָס קומט צו זיי, אַז עס ווערט ביי זיי אַ צווייטע נאַטור. עס איז אַ פאַקט אַז די קאָרופּטעסטע פּאָליטישענס זיינען אָפט גוטע און סימפּאַטישע מענשען, בעזאָנדערס אין זייערע בעציהונגען מיט אָרעמע לייט. באַראַנדעס איז אָבער קיין פּאָליטישען. ער האָט קיינמאָל ניט געהאַט אַ פּאָליטישען דזשאַב און האָט עס קיינמאָל ניט געזוכט. ער קען ניט ערוואַרטען קיין וואוטס, ווען ער טוט אַ טובה, קען ער דערפון קיינע נוצען ערוואַרטען פאַר זיך, דאָך קומט מען צו איהם ווי צו אַ פּאָליטישען און מען פאָדערט פון איהם הילפע, פּונקט ווי ער וואָלט עס געווען שולדיג אַלס פּאָליטישען, און ער „בלאָפאָטשעט“ טאַקע פאַר זיי ווי אַ פּאָליטישען. די ערקלעהרונג דערפון איז, דאָס ער איז טאַקע אַ פּאָליטישען אָהן

## דער שפּיעגעל פון דער איסט סייד

אַן אַמט, אָהן געהאַלט און אָהן גרעפּט. ער האָט אַלע צרות פון אַ פּאָליטישען אָהן די בענעפיטס דערפון.

אין צייט פון געינאָר׳ס אַדמיניסטריישאָן איז ער געווען זעהר נאָהענט צו מעיר געינאָר און ער האָט פון איהם געקענט קריגען אַ גוטען אַמט, ווייל געינאָר האָט פון איהם זעהר פיעל געהאַלטען. און ער האָט טאַקע אָנגענומען אַן אַמט, אַלס סקוהל־קאָמישאָנער, אַן עהרען־אַמט אָהן געהאַלט. אַזאַ פּאָ־ליטישען איז באַראָנדעס, אַ פּאָליטישען אָהן אַן אַמט, אַן אינסטיטושאָן אָהן פאָנדס און אָהן גרעפּט.

# לואי מיללער.

געבוירען אין ווילנא, 30טען אפריל, 1866. געווען יונגערהייד בעטהייליגט אין דער רוסישער רעוואלוציאנערער בעוועגונג און אוים פאליטישע אורזאכען געווען געצוואונגען צו עמיגרירען. האט א צייט געווען א העמדענמאכער, דאן א לעהרער פון ענגליש און שווייץ. געקומען אין אמעריקא אין יאהר 1882. אין די ערשטע צייט געווען א העמדעל מאכער דאן, א לעהרער פון ענגליש און אין 1893 געווארען לאיער. אין 1887 ארויסגעגעבען א רוסישע רעוואלוציאנערע וואכענשריפט „זנאמיא“. איז געווען מיטארביי־טער פון „ארבייטער צייטונג“, „אבענד בלאט“ און שפעטער פון „פאר־ווערטס“, פון וועלכען ער איז א צייט געווען רעדאקטאר. אין 1905 געגרינדעט די „וואהרהייט“ און שפעטער דעם „פיהרער“ און אויך א „וואכענשריפט“. איז געווען טהעטיג אין דער ארבייטער און סאציאליסטישער בעוועגונג.

# לואי מיללער

עס איז שוין עטליכע יאָהר זייט לואי מיללער האָט זיך צוריקגעצויגען פון עפענטליכען לעבען. ער איז אַראָפּ פון סטיידזש, וואו ער האָט אַ לאַנגע צייט געשפּיעלט אַ „סטאַר"־ראָלע. מען הערט איהם ניט און מען זעהט איהם ניט, ער ווייזט זיך קיינמאָל ניט אין די בעקאַנטע „ראַנדע־וואו"־פּלעצער פון דער איסט סייד, מען טרעפט איהם אפילו ניט אין די זאָגענאַנטע „קיביצאַרנעס". מאַנכע מענשען דיינקען דאַ־רום אַז ער איז שוין אין גאַנצען אויסגעשפּיעלט, אַז ער איז „אַראָפּ פון מאַרק". און דאַרום וועט מען אויך זאָגען אַז ער געהערט ניט צו דיזער סעריע פון איסט־סייד פיהרער, אַז ער האָט קיין פּלאַץ אין דעם שפּיגעל פון דער איסט סייד. עס וועלען זיך געפינען אַנדערע וועלכע וועלען זאָגען: „לאָזט איהם צורוה, משפּעט איהם ניט אַז ער משפּעט קיינעם ניט". עס איז קלאָהר, אַז דיזע מענשען האָבען מורא פאַר זיין „צוריקטרעטען פון עלבא". און מיר וואונדערען זיך גאָרניט איבער זייער פורכט. מיללער איז אַ געפעהרליכער אַנטאַגאָ־ניסט. ווען ער איז אויף אַ קריעגס־צוג, איז ער ווי אַן אינ־דיאַנער, ער רוהט ניט ביז ער קריגט דעם סקאַלפּ פון זיין געג־נער, ער שיינקט קיין רחמנות און בעט עס ניט ביי אַנדערע. „דער בעסטער אינדיאַנער איז אַ טויטער", האָבען אמאָל גע־זאָגט די ווייסע. און אזוי דיינקען פיעלע וועגען דיזען „אינ־

דיאַנער". ער איז פאַר זיי בעסער, ווען ער איז פּאָליטיש טויט.

קענענדיג מיללער'ן, קענען מיר זיך אָבער ניט פאָרשטעלען ער זאָל זיך ווירקליך האָבען צוריקגעצויגען אין גאַנצען פון עפענטליכען לעבען. סיידען ער זאָל זיין ניט געזונד. און דאָס איז ניט דער פאַל. ער איז נאָך גאָרניט אַלט, און ער זעהט נאָך אויס אינגער ווי ער איז. מיר זיינען געניגט צו דיינקען אַז די שטילקייט וואָס הערשט יעצט איז די שטילקייט בעפאָר אַ שטורם. מיללער קען לאַנג ניט רוהען, ער איז ווי דער סמבטיון. פריהער אָדער שפּעטער וועט ער ווידער אָנטהאָן זיין קריעגס־פּעינט און ארויס אויפ'ן קריעגס־צוג. מען קען איהם דארום ניט איגנאָרירען, און נאָך וויניגער קען מען פאַרגעסען זיין ביזהעריגע ראָלע. זייט פערציג יאָהר האָט ער פארנומען דעם צענטער פון סטיידזש אויף דער איסט סייד. ער איז געווען פערבונדען מיט אַלע וויכטיגע בעוועגונגען פון דיזען קעסעלגרוב. ער איז אָהן צווייפעל געווען די אינטערעסאַנטעסטע פּערזענליכקייט אין דעם אידישען קווארטאַל. צו רעדען וועגען דער איסט סייד און איהם ניט דערמאָנען איז פּונקט ווי צו שפּילען האַמלעט אָהן דער טיטעל־ראָלע.

מען מוז זיך אַלזאָ מיט מיללער'ן רעכענען, צי מען וויל צי ניט. און ווי קען מען איגנאָרירען אַ פּערזאָן, וועלכע שטעהט מיט פיעלע קעפּ העכער פאַר מאַנכע פון די וואָס פאַרנעהמען יעצט זיין פּלאַץ? מיר זיינען אַבסאָלוט איבערצייגט אַז צווישען די וואָרט־פיהרער פון די איינגעוואַנדערטע

## לואי מיללער

אידען פון די לעצטע צוויי גענעראציאָנען איז ניטאָ איינער מיט א גרעסערען אינטעלעקט פאר מיללער׳ס. ער איז אַ מענש מיט אַ זעלטענעם קאָפּ, מיט אַן אונערשעפּליכער ענער־גיע. ער איז אַ געבוירענער לידער מיט אַן אייזערנער קראפט. ער איז אַ זעלטענער רעדנער און אין אַ דעבאַטע האָט ער קיין גלייכען צו זיך. און גראד אזוי איז ער אויך מעכטיג מיט דער פּען.

די הויפּט־אורזאכע פון מיללער׳ס מיסערפאָלג איז וואָס ער האָט פארברויכט די בעסטע קרעפטע פון זיין יוגענד אין דער סאָציאַליסטישער בעוועגונג ווען זי איז געווען אין די קינ־דערשע יאָהרען, און ער האָט זיך פון איהר צוריקגעצויגען ווען זי האָט גענומען עפּעס וואקסען. אויב ער וואָלט אין די יונגע יאָהרען געגאַנגען אין פּאָליטיקס און אויסגענוצט זיין קראפט אויף דיזען ברייטען פעלד, וואָלט ער געקענט ווערען אַ גרוי־סער פּאָליטישען, און אפשר אַ שטאַאַטסמאַן. יעצט, אויב ער זאָל שוין וועלען ווערען פּאָליטישען, איז שוין צו שפּעט. ער איז געבליבען ניט דאָ און ניט דאָרטען.

אָבוואָהל מיללער האָט זיך אין גאַנצען צוריקגעצויגען פון דער סאָציאַליסטישער באוועגונג, איז ער נאָך אַלץ אַן אידעאַליסט. ער איז ניט קיין פּאָלקס־מאַן ווי קאהאן. ער האָט קיינמאָל ניט געזוכט צו פראטערניזירען מיט די מאַסען, און ער האָט אויך ניט געזוכט צו געווינען די ליעבע פון די מאַסען, זיין וועג איז געווען צו הערשען איבער די מאַסען און זיי צו פיהרען אויף זיינע מלחמות. אָבער זיינע קריעגס־ציגע זיינען געווען ניט פאר מאַטעריעלע צוועקען, ער האָט גע־

שטרעבט ניט צו געלד־מאכט, נור צו אַ מאָראַלישער מאכט, צו ביזנעס האָט ער גאָרניט געטויגט.

נאַטירליך האָט מיללער זיינע שוואַכקייטען, זאָנסט וואָלט ער ניט געהאַט זיין יעצטיגען דורכפאַל. איהם פעהלט קאָנטראָל איבער זיך, וואָס דאָס איז די נויטיגסטע קוואַליפיקאַציאָן פאַר איינעם וואָס זוכט קאָנטראָל איבער אַנדערע. און איהם פעהלט אויסדויער אין זיינע אונטערנעהמונגען. ערפאָלג קומט זעלטען צו דעם וואָס וואַרפט זיך אהער און אהין. מיר גלויבען אַז דיזע פעהלערען זיינען דער רעזולטאַט פון זיין ערציהונג. דער פאַקט איז אַז מיללער איז אַוועק פון דער היים, ווען ער איז נאָך געווען אַ אינגעל פון פופצעהן יאָהר, און איז אַוועק אין די ברייטע וועלט, אריינוואַרפענדיג זיך גלייך אין די ראַדיקאַלע בעוועגונג. ער איז רייף געוואָרען צו יונג, ער איז ערצויגען געוואָרען אויפ'ן שלאַכטפעלד. קיין וואונדער ער פיהרט אַזא ווילדען קאַמפף, קיין וואונדער מען רופט איהם אינדיאַנער.

איינער וואָס האָט געקענט מיללער'ן גאַנץ גוט, האָט איהם אַזוי כאַראַקטעריזירט: „מיללער איז אַ מייסטער צו בויען, און נאָך אַ גרעסערער מייסטער צו צושטערען, און אַז ער האָט קיין אַנדער זאַך צו צושטערען, צושטערט ער וואָס ער האָט אַליין געהאַט אויפגעבויט". און דיזע ווערטער דערצעהלען מיללער'ס גאַנצע קאַריערע, ניט נור אין עפענטליכען לעבען, נור אפילו אין פּריוואַט־לעבען. אין עפענטליכען לעבען האָט מיללער מעהרערע מאָל דערגרייכט דעם גרעסטען איינפלוס און ער איז געווען ניט נאָר פיהרער, נור דיקטאַטאָר, אָבער

# לואי מיללער

דאָס האָט ניט לאַנג געדויערט. באַלד איז עס איהם נמאס געוואָרען, ער האָט גענומען פיהרען קריעג מיט זיינע קאָלעגען, און ווען ער האָט ניט געקענט אויספיהרען וואָס ער האָט געוואָלט, האָט ער ווי שמשון הגבור איינגעוואָרפען די גאַנצע געביידע, וועלכע ער האָט אליין אויפגעבויט מיט אזוי פיעל מיה, בעגראָבענדיג זיך און אַנדערע. אין פּריוואַט־לעבען האָט מיללער מעהרערע מאָהל אויפגעבויט אַ גוטע ביזנעס און איז געווען אויפ׳ן וועג צו רייכטהום, און דאַן דאָס אַלעס צובראָכען און אַוועקגעוואָרפען. מיט דרייסיג יאָהר צוריק איז מיללער געוואָרען לאָיער, אין איין צייט מיט הילקוויט, און ער האָט זיך געהאַט ערוואָרבען אַ גוטע פּראַקטיק. איין שעהנעם טאָג האָט ער צוגעמאַכט זיין אָפיס און איז אָפּגעפאָהרען אויף אַ טריפּ אין אייראָפּא, צוריקקומענדיג אָהן אַ סענט. עטליכע יאָהר שפּעטער איז מיללער געוואָרען אַן ערפאָלגרייכער ריעל עסטייט מאַן. אָבער ער האָט אויך דיזע ביזנעס שנעל אַוועקגעוואָרפען. זיין עקספּערימענט מיט דער „וואַהרהייט“ איז אַלגעמיין בעקאַנט. יעדער ווייסט אַז די „וואַהרהייט“ איז געווען מיללער׳ס קינד. דער אַלגעמיינער איינדרוק איז אַז מיללער׳ס פּאַרטנערס האָבען איהם אַרויסגעשטופּט. אָבער דער אמת איז אַז מיללער איז אליין שולדיג וואָס ער האָט פאַרלאָרען קאָנטראָל איבער דער צייטונג. עס איז געווען געגען זיין נאַטור צו האַלטען זי צו לאַנג ביי איין זאַך, און ער האָט איינפאַך אליין אַרויסגעלאָזען די קאָנטראָל פון זיינע הענד. ער האָט דערמיט צערשטערט זיין שאַפונג, די „וואַהר־

הייט", פּונקט ווי זיינע שאַפונגען פון פריהער און פון שפּע־
טער.

אין דער היסטאָריע פון דער סאָציאַליסטישער בעוועגונג אין אַמעריקע וועט מילער'ס נאָמען פאַרנעהמען אַ גרויסען פּלאַץ, ווייל ער איז געווען צווישען די ערשטע אידישע סאָ־ציאַליסטען אין אַמעריקע, פיעלייכט נאָך פריהער פאַר קאַהאַן. און ער איז געווען אַ ווירקליכער פיהרער. קאַהאַן, ווי מיר האָבען געזעהן, איז געווען בלויז אַן אַגיטאַטאָר, אַ פאָלקס־לעהרער. ער פלעגט ארבייטען פאַר דער פּאַרטיי, אָבער ער פלעגט ניט בעשטימען די פּאַליסים פון דער פּאַרטיי. מיללער, פאַרקעהרט, איז געווען אַן אָרגאַניזאַטאָר, אַ פיהרער, אַ קעמ־פּפער פאַר דער פּאַרטיי און אין דער פּאַרטיי. דאָס וואָס ער איז געווען אַ גרויסער צושטערער האָט אייגענטליך ניט אָפּגע־שוואַכט זיין איינפלוס און זיין ווערטה, ווייל די בעוועגונג האָט עס טאַקי געפּאָדערט. די גאַנצע היסטאָריע פון דער סאָ־ציאַליסטישער בעוועגונג אין אַמעריקא בעשטעהט אין איין בויען און צערשטערען. ווי שנעל איין אָרגאַניזאַציאָן איז אויפגעבויט געוואָרען, איז זי בעקעמפּפט געוואָרען פון פער־שיעדענע קלייזלאַך ביז איינע פון זיי האָט געמוזט אונטער־געהן. די סאָציאַליסטישע בעוועגונג אין אַמעריקע איז אויפ־געוואַקסען ניט אויפ'ן וועג פון עוואָלוציאָן, נור רעוואָלוציאָן. רעוואָלוציאָן ניט געגען דער געזעלשאַפט, נור געגען זיך זעלבסט. עס איז געווען אַ פּראָצעס פון בויען און צערשטע־רען. אין ווער האָט זיך בעסער געקענט פּאַסען צו אַזאַ בע־וועגונג ווי מיללער? ער איז געווען אין זיינע עלעמענטען.

# לואי מיללער

ווען די אידישע סאָציאַליסטישע בעוועגונג אין אמעריקע האָט זיך ערשט אָנגעפאַנגען, דאָס איז געווען נאָך אין די אכציגער יאָהרען, האָבען די אַנאַרכיסטען געשפּיעלט א גרויסע ראָלע. זיי זיינען געווען פעהיג, ענערגיש און פאַנאַ־טיש, און זייער הויפּט אויפגאַבע איז געווען צו בעקעמפּפען די סאָציאַל־דעמאָקראַטען. וואָס די סאָציאַל־דעמאָקראַטען האָבען פּרובירט צו טהאָן, האָבען די אַנאַרכיסטען געשטערט. די אַנאַרכיסטען האָבען אַ לאַנגע צייט געברויכט די פּאָליסי פון „בויערן פון אינגווענינ", ווי די יעצטיגע לינקע. זיי פלעגען זיך אריינכאַפּען אין סאָציאַליסטישע אָרגאַניזאַציאָנען און דאָרט מאַכען שטערונגען. די מעהרסטע פון די דאַמאָלסדיגע אידישע סאָציאַליסטען זיינען גאָרניט געווען מיליטאַנט, זיי האָבען גע־גען די אַגרעסיווע אַנאַרכיסטען ניט געקענט בעשטעהן. עס איז געווען נור איין סאָציאַליסט, וואָס האָט זיך געקענט מיט די אַנאַרכיסטען פערגלייכען, און דאָס איז געווען מיללער. ער האָט זיי בעקעמפּפט מיט זייערע אייגענע וואפּפען, ער איז געווען ריקזיכטסלאָז און אונבאַרמהערציג. עס פלעגט אָפט קומען צו פיזישע קאָנפליקטען. אונטער דיזע אומשטענדען איז מיללער געווען דער פּאַסענדסטער פיהרער ביי די סאָ־ציאַליסטען. אזא מענש ווי קאהאַן האָט זיך צו אזא קאַמפף ניט געטויגט. ער האָט אין אזא קאַמף גאָרניט אַנטהייל גענו־מען. מיללער איז אָבער געווען אין זיינע עלעמענטען. ער האָט געבויט אָרגאַניזאַציאָנען, און וואו נור ער האָט בעמערקט אז אַנאַרכיסטען האָבען געוואונען אַן איינפלוס אין אַן אָרגאַ־ניזאַציאָן, האָט ער איהר גלייך צערשטערט.

## דער שפּיגעל פון דער איסט סייד

און דיזעלבע פעהיגקייטען זיינען מיללער'ן צונוץ גע־קומען פיעל שפּעטער, ווען די בעוועגונג איז שוין געווען אויפ־געוואקסען. דאָס איז געווען אין די צייטען ווען דעניעל דעליאָן האָט געהערשט אין דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי ווי אַ דיקטאַטאָר. ווידער איז עס געווען מיללער, וועלכער האָט אויפגענומען דעם קאַמפּף און האָט אָרגאַניזירט די אָפּאָ־זיציאָן, וועלכע האָט שליסליך געשטירצט דעליאָן. פון אָנ־פאַנג איז ער געווען אין קאַמפּף איינער אליין. דעליאָן האָט בעשלאָסען איהם אַרויסצוואַרפען פון דער פּאַרטיי און האָט איהם פערקלאָגט אין אַ „פערברעכען". דער פערברעכען איז בעשטאַנען אין דעם, וואָס מיללער האָט געהאַט געשטימט פאַר אַ בורזשואַזען קאַנדידאַט דזשאָדזש גאָרדזש, וועלכער האָט זיך צו יענער צייט בעריהמט געמאַכט אויפדעקענדיג די טע־מעני גרעפט דורך די לעקסאָו קאָמיטע. מיללער האָט ניט גע־לייקענט אַז ער האָט געשטימט פאַר גאָרדזש, און דערום איז די קייס געגען איהם געווען אַ געוואונענע. אָבער בעפאָר דער אורטהייל געגען איהם איז אויסגעשפּראָכען געוואָרען האָט ער אַדרעסירט זיינע ריכטער מיט דיזע פּראָפּעטישע ווערטער: „עס וועט קומען אַ צייט ווען איהר וועט זיך מעהר שעהמען מיט אייערע שטימען פאַר דעליאָן, ווי איך מיט מיין שטימע פאַר גאָרדזש!" און זיין נבואה איז טאַקי אין גיכען מקוים גע־וואָרען. עס איז ווידער געקומען אַ פּעריאָדע פון צערשטע־רונג און פון בויען און מיללער איז נאַטירליך געווען אין רעכ־טען מיטען. און ווי האָט זיך אַזאַ בעוועגונג געקענט בעגעהן

## לואי מיללער

אָהן אַ מיללער? ווער האָט זיך אַזוי געטויגט צו צערשטערען און בויען?

און אַזוי איז עס געווען שפּעטער מיט דעם קריעג צווישען מיללער און קאהאן. דיזער קריעג איז נאָך פריש אין געדעכנים ביי פיעלע און עס איז ניט נויטיג דאָס צו ווידערהאָלען. מיללער האָט אויפגעבויט די „וואהרהייט" אום צו צערשטערען דעם „פאָרווערטס", אָבער דיזעס מאָל איז עס איהם ניט געלונגען. איז ער געגאַנגען און האָט צערשטערט די „וואהרהייט". זיין רעגעל האָט ער אויסגעהאַלטען.

נאַטירליך האָט זיך אַזאַ מענש געמוזט שאַפען פיעלע שונאים, און ביטערע שונאים, אָבער דאָס האָט איהם ניט געאַרט. פאַרקעהרט, דאָס האָט איהם נאָך ערמונטערט צו מעהר טהעטיגקייט. ער האָט געשעפּט ענטוזיאַזם פון דער שנאה צו זיך, ער האָט געלעבט אין קאַמפּף ווי אַ פיש אין וואַסער. ער האָט טאַקע געלאָזען חורבות נאָך זיך איבעראַל וואו ער האָט געפיהרט ציגע. אָבער אַליין איז ער אימער ארוים גאַנץ.

מיללער'ס שונאים זיינען ניט בלויז פּאָליטישע אַנטאַגאָניסטען, נור פּערזענליכע. ער פערפיינדעט זיך הויפּטזעכליך צוליעב די מעטהאָדען וואָס ער געברויכט אין קאָנפליקט. און ווירקליך, ווען ער איז אויף אַ קריעגסצוג קלייבט ער ניט זיינע קאַמפּף־מיטלען, ער האַלט פון דעם כלל, אַז דער „ציעל הייליגט די מיטלען" און איהם אַרט ניט אויב ער הייליגט עס אפילו ניט. ער איז אין זיינע „מלחמות" געווען אַזוי ריקזיכטסלאָז ווי די דייטשע מיליטערישע מאַכט, בעפאָר זי איז געפאַלען.

איהם קומט קרעדיט ווייל ער האָט עס נאָך פריהער געברויכט. רעדענדיג פיגוראטיוו, האָט ער געברויכט לופט אטאקען און גיפטיגע גאזען געגען זיינע געגנער. מיר האָבען געזעהן אַז קאהאן האָט זיך אויך פיעל פארפיינדעט, אָבער דאָס איז געווען בלויז דער רעזולטאט פון זיין טעמפּעראמענט און דאָס האָט ניט געפיהרט צו אמת'ע שנאה. קאהאן פלעגט איינפאך ברוגז ווערען און אויפהערען צו רעדען מיט איינעם. ער האָט ניט געקענט ארויסרופען אַן אמת'ע שנאָה, ווייל ער איז צו מילד אין כאראקטער. מיללער, דאגעגען, קען יענעם „אריינקריכען אין די ביינער", ווי מען זאָגט, און די שנאָה וואָס ער רופט ארויס איז אַן אייביגע. און דאָס איז, אָהן צווייפעל, די הויפּט אורזאכע פון זיין מיסערפאָלג. אום צו קענען עפּעס אויפטאָן אין דער וועלט פאָדערט זיך פריהער פאר אַלעם קאָאָפּעראציאָן. קיין מענש קען ניט שטעלען אַלץ אויף זיך, ער מוז האָבען מיטארבייטער און טרייע פריינד, ער מוז געווינען צוטרויען און ער מוז איבערהויפּט זיין סימפּאטיש. קאהאן איז סימפּאטיש. מיללער איז אבשטויסענד. אום מיללער זאָל האָבען ערפאָלג מוז ער בלייבען דער איינציגער זיעגער אויפ'ן שלאכטפעלד, ער קען ניט קריגען די מאכט, סיידען אַלס דיקטאטאָר, און דאָס געלינגט ניט אָפט.

און דאָך, טראָץ אַלע דיזע פעהלערען, קען מען ניט זאָגען, אַז מיללער איז אין גאנצען אויסגעשפּיעלט. מיר האָבען געזעהן אַז זייט כמעט פיערציג יאָהר האָט ער געהאַלטען אין איין בויען און צערשטערען, איינס האָט געפאָלגט דאָס צווייטע און די קראפט איז אימער געבליבען די זעלבע.

# לואי מיללער

יעצט פרעגט זיך, פון וואנען איז עס געדרונגען אז די חורבות וואס מילער האט געלאזט צולעצט זיינען ווירקליך די לעצטע? די קראפט איז נאך פאראן, די ענערגיע און די פעהיגקייטען זיינען נאך די זעלבע. עס פעהלט נאר די געלעגענהייט און דאס מאכט זיך יעדען איינעם מיט דער צייט. און מיללער איז ניט דער מאן דורכצולאזען א געלעגענהייט ווען עס זאל זיך איהם מאכען.

איין זאך איז זיכער: צו דער סאציאליסטישער אדער אר־בייטער באוועגונג קען זיך מיללער ניט צוריקקעהרען. מיט איהר האט ער דעפיניטיוו אפגעשניטען. ער קען אויך ניט געהן אין פאליטיקס, ער איז פון אנ׳אנדער שולע פאליטי־שענס. צו זיין אן אמעריקאנער פאליטישען דארף מען בע־זיצען די קונסט צו מאכען זיך פריינד און ניט פיינד. עס איז אבער פאראן איין פעלד וואס איז פריי פאר איהם און דאס איז זשורנאליזם. אויף דיזען פעלד איז ער א מייסטער. ער איז א זשורנאליסט פון העכסטען ראנג, מען קען איהם אנרופען דער אידישער ארטהור בריסבעין. אלס עדיטאריעל שרייבער און פאלעמיקער האט ער קיין גלייכען צו זיך. אין זשורנאליזם קומען זיינע קריגספעהיגקייטען גראד צו נוץ, דער עולם גלייכט ביטערע אטאקען און אפילו גיפטיגע גאזען — אויפ׳ן פאפיער. מען קען זאגען אז מילער איז א געבוי־רענער זשורנאליסט, ער איז מעהר זשורנאליסט פאר קאהאן. קאהאן איז אין אמת׳ן מעהר ליטעראט ווי זשורנאליסט, אב־וואהל ער האט געהט אזא ערפאלג מיט׳ן „פארווערטס”.

מילער איז יעצט אין גלות, אבער דער וועג פון עלבא

איז נאָך אָפּען און מען קען זיין צוריקקומען צו יעדער צייט ערוואַרטען. ער האָט זיין וואָטערלאָ נאָך ניט ערלעבט.

דיזע כאראקטעריסטיק פון מילער׳ן איז געשריבען גע־וואָרען מיט א צייט צוריק, איידער עס איז באקאנט געוואָרען אז מילער איז ווידער אויפ׳ן קריעגס־צוג. יעצט הערט מען איהם שוין ווידער. ער איז טאַקע צוריקגעקומען פון עלבא, ווי נאפּאָלעאָן, און ווי מיר האָבען עס פּאָראויסגעזעהן. פון נאפּאָלעאָן׳ס צוריקקומען פון עלבא ביז וואָטערלאָ האָט גע־נומען הונדערט טעג. יעצט בלייבט צו זעהן ווי לאנג עס וועט נעהמען מילער׳ן.

## מאָרים הילקוויט.

געבוירען אין רינא, 1 אוגוסט 1870, געקומען אין אמעריקא אין 1886, געארבייט א קורצע צייט אלס העמדענמאכער, שפּעטער געווארען לעהרער פון ענגליש און אין 1893 געווארען לאיער. איז א מיטגליעד פון דער נאציאנאל־עקזעקוטיוו פון דער סאציאליסטי־שער פּארטיי, און אין 1906 און אין 1908 געוועזען קאנדידאט פאר קאנגרעס אויפ׳ן סאציאליסטישען טיקעט. אין 1917 געוועזען קאנ־דידאט פאר מעיר פון ניו יארק. איז פּארפאסער פון מעהרערע ביכער איבער סאציאליזם. איז מעהרערע מאל געוועזען אמערי־קאנער דעלעגאט צו סאציאליסטישע קאנגרעסען אין אייראפּא.



*Morris Hillquit*

# מאָררים הילקוויט

מאָרים הילקוויט איז דער אנערקענטער פיהרער פון דער סאָציאַליסטישער פּארטיי אין אמעריקא און ער געניסט ניט נור א נאַציאָנאַלע, נור אויך אַן אינטערנאַציאָנאַלע רעפּוטאַ־ציאָן. ער בעזיצט אַלע נויטיגע קוואַליפיקאַציאָנען פון א לידער פון אַזאַ בעוועגונג. ער איז ערשטענס א געלערנטער סאָציאַ־ליסט, א טהעאָרעטיקער, דיינקער, א פערפאַסער פון פיעלע סאָציאַליסטישע ווערק און איבערהויפּט אַן אָטאָריטעט אין דער מארקסיסטישער שוהלע. צווייטענס איז ער א פעהיגער אָר־גאַניזאַטאָר, ער האָט די אייגענשאַפטען פון א פּארטיי באָס. דאָס לעצטע איז די נויטיגע קוואַליפיקאַציאָן פון א לידער. ווער עס קען ניט אָנהאַלטען און קאָנטראָלירען אַן אָרגאַני־זאַציאָן, מעג ער זיין ווי פּאָפּולער, פערלירט ער באַלד קאָנ־טראָל איבער דער גאַנצער בעוועגונג.

הילקוויט שפּילט זיין ראָלע אַלס לידער קאָרעקט און ווירדיג. יעדעס וואָרט וואָס ער רעדט אַרויס איז געוואָגען און געמאָסטען, און שטימט מיט די אינטערעסען און פּאָליסים פון דער פּארטיי. ער איז איהר ריכטיגער וואָרט־פיהרער.

דאָך, מיט אַלע זיינע פעהיגקייטען, און מיט זיין גאַנצער מוסטערהאַפטער פיהרונג, איז ער ווייט ניט דער פּראָפעסיאָ־נעלער ראַדיקאַלער אַגיטאַטאָר ווי די רעגעל איז. ער האָט ניט דעם נויטיגען מאַגנעטיזם פון א פאָלקס פיהרער, ער איז צו קאַלט. עס איז קלאָהר אַז ער איז אין דער בעוועגונג מיט'ן קאָפּ, אָבער ניט מיט'ן הארצען. מען בעוואונדערט

איהם, אָבער מען איז פון איהם קיינמאָל ניט בעצויבערט. ער איז ווייט ניט די נשמה פון דער בעוועגונג. מען קען זאָגען אז ער איז בלויז דער אָפיציעלער פיהרער פון דער פּאַרטיי, איהר פערטרעטער פאַר דער אויסערליכער וועלט. הילקוויט איז בלויז דער מעכאַניקער וואָס טרייבט די מאַשין, ער קירעווועט איהר רעכטס אָדער לינקס, ווי די אומשטענדען פאָדערען, אָבער ער איז ניט די קראַפט וואָס מאַכט די מאַשין זיך בעוועגען. ער איז ניט דער מאָטאָר פון דער מאַשין, נור די ראָד. די אמת'ע קראַפט וואָס מאַכט דיזע מאַשין זיך בעוועגען בעזיצט דעבס. ער שפּיעלט עס די ראָלע פון בעצויבערער, וואָס איז אבסאָלוט נויטיג אין אַזאַ בעוועגונג. דעבס איז דער אָפּגאָט פון די מאַסען, ער איז דער אמת'ער באַננער טרעגער. ער ציהט די וואוטס, ער ברייגגט אַלע נייע רעקרוטען אויף דעם פּלאַץ פון די וואָס פאַלען כסדר אָפּ, ער איז די אמת'ע נשמה פון דער בעוועגונג. דעבס איז אָבער קיין פּאָליטישען, קיין מאַשין-אָפּערייטאָר מיט אַן אייזערנער האַנד, ווי עס פאָדערט זיך דערצו. דיזע ראָלע פאַלט אויף הילקוויט'ס שולטערן, און דאָס איז טאַקי די וויכטיגסטע ראָלע, ווייל זי גיט די גרעסטע מאַכט.

און אפילו אין די ענגע קרייזען פון דער אָרגאַניזאַציאָן, וועלכע הילקוויט קאָנטראָלירט, איז ער אייגענטליך ניט אַן אייגענער מענש. עס פיהלט זיך אַז ער שפּיעלט בלויז אַ ראָלע. אין אַלע וויכטיגע מאָמענטען פון דער בעוועגונג פונקציאָנירט ער קאָרעקט, ער נעהמט אַקטיווען אנטהייל אין אַלע קאָנווענשאָנס, קאָנפערענצען און עקזעקוטיוו זיצונגען און

שפּילט דאָרט די הויפּט־ראָלע, אָבער ווי נאָר ער ערפילט דיזע פליכטען, ציהט ער זיך צוריק, און טוט זיך גלייך אויס פון דער בעוועגונג. אויסער זיינע אָפיציעלע פליכטען פערקעהרט הילקוויט ניט אין דער בעוועגונג און אפילו ניט אין די ענגע קרייזען פון זיינע קאָלעגען אין דער אָרגאַניזאַציאָן. אויסערהאַלב פון זיינע פליכטען אַלס סאָציאַליסטישער פיהרער איז ער אַ בורזשוא. מיר האָבען געזעהן אַז אויך קאַהאַן איז ניט אינטים מיט זיינע קאָלעגען, דאָך פערקעהרט ער מיט זיי קאָלעגיאַל, ער קומט צו די בעוואוסטע „ראַנדעוואו" פלעצער פון דער איסט סייד און פערברייינגט דאָרט אַ פּאָר שטונדען מיט זיינע קאָלעגען, דיסקוטירענדיג טאַגעספראַגען. ער טוט עס וועיל דיזע אַטמאָספערע איז איהם ניט פרעמד, ער לעבט אין איהר. עס איז פאַר איהם נויטיג, ווייל אויף דיזען וועג קומט ער אין בעריהרונג מיט דער עפענטליכער מיינונג, אויף דיזען וועג טאַפּט ער אָן דעם פולס פון פאָלק. קאַהאַן זוכט עס ווייל ער איז אַ פאָלקס מאַן, הילקוויט פיהלט דיזע בעדירפניס ניט ווייל ער איז ווייט פון פאָלק.

הילקוויט פראַטערניזירט ניט מיט די מאַסען און ניט מיט זיינע נאָהענטע קאָלעגען. ער איז אַן אַריסטאָקראַט און אַלס אַריסטאָקראַט איז ער אַ מאַן פון „האָנאָר". ער ערפילט זיינע פליכטען קאָרעקט, ער טוט אַלעס וואָס עס פאָדערט זיך פון איהם, ער קען פערברייינגען גאַנצע נעכט אין קאָנפערענצען און ביי „קריעגס־ראַטה", אָבער ווי נור זיינע פליכטען זיינען ערפילט, לויפט ער גלייך ארויס פון קאָמיטע־צימער, ער שטעלט זיך ניט אָפּ אויף אַ מינוט מיט אימיצען איבערצו־

רעדען אַן איבעריג וואָרט, ער זעצט זיך גלייך אריין אין זיין לימוזין און רופט אויס צו זיין שאָפער: „האָום, דזשיימס!".

דאָך, ווי פרעמד הילקוויט זאָל זיך ניט האַלטען צו דער בעוועגונג שאַדעט עס ניט צו זיין ראָלע. ער געניסט אַלץ דעם צוטרויען און דעם רעספּעקט פון דאָס רוב סאָציאַליס־טען און דאָס האָט ער צו פערדאַנקען זיין גרויסען טאַקט, זיין קאָרעקטע האַלטונג. איהם האָט אפילו גאָרניט געשאַדט ווען עס איז בעקאַנט געוואָרען אַז ער איז אַ דירעקטאָר אין אַ גרויסער קאַפּיטאַליסטישער קאָרפּאָריישאָן, און אַז ער האָט אפילו אָפּערירט אין וואָל סטריט. ער האָט אימער פערשטאַנען ווי זיך צו האַלטען „וויטהין די לאָא" פון דער בעוועגונג. ער האָט דערמיט אויסגעמיעדען יעדען חשד, ער האָט ענטוואַפּענט אַלע מעגליכע געגנער.

ווי קומט אַזאַ מענש צו זיין פיהרער אין אַ בעוועגונג מיט וועלכער ער האָט אייגענטליך אַזוי ווייניג שייכות? דער ענטפער איז אַז ער איז אריינגעצויגען געוואָרען אין דער בעוועגונג יונגערהייד, און גרינערהייד, אריינפאַלענדיג אין רעוואָלוציאָנערע קרייזען איינפאַך צופעליג. דער פאַקט איז אַז דאָס איז דער פאַל מיט מעהרסטע אַקטיווע פּאָבליק מען. אפילו מאַנכע פון די פארביסענסטע רעאַקציאָנערען האָבען אָנגעפאַנגען זייערע קאַריערען אַלס ראַדיקאַלען, דאָס איז די טענדענץ פון דער יוגענד. געוועהנליך אָבער ציהען זיך אַזעלכע מענשען שנעל צוריק. די פראַגע איז אַלזאָ, וואָרום איז הילקוויט דאָך פארבליבען? דער ענטפער איז, אַז וועהרענד אין די יונגע יאָהרען האָט ער זיך געגויטיגט אין

# מאַררים הילקוויט

דער בעוועגונג, האָט זיך שפּעטער די בעוועגונג גענויטיגט אין איהם און זי האָט איהם צוגעהאַלטען. און ווייל די בעוועגונג האָט זיך אין איהם גענויטיגט האָט זי איהם גע־אָפּפערט א געניגענדע אטראקציאָן. דער פאַקט איז אַז מיט אַלע זיינע פעהיגקייטען וואָלט הילקוויט ניט געקענט שפּילען אזא ראָלע אין דער בורזשואַזער וועלט ווי אין דער פּראָלעטאַ־רישער. ער איז טאַקע א גרויסער אָראטאָר, אָבער אין דער בורזשואַזער וועלט איז דאָס גאָרניט אזא זעלטענהייט, עס זיינען דאָרט פאַראַן פילע גרעסערע פאַר איהם, און פיעלע גרויסע אָראַטאָרס גערען ביי איהר אַרום אָהן א קנעלונג. האָט ניט יוליוס צעזאַר געזאָגט אַז עס איז בעסער צו זיין דער ערשטער אין דאָרף איידער דער לעצטער אין שטאָדט?

אַז די בעוועגונג האָט צוגעהאַלטען הילקוויט'ען ווייל זי האָט זיך אין איהם גענויטיגט, איז לייכט צו פערשטעהן. די בעוועגונג איז נאָך יעצט אָרעם אין קרעפטען, און אין די פריהערע יאָהרען איז זי געווען פיעל אָרעמער און א מענש ווי הילקוויט איז ביי איהר געווען א זעלטענהייט. דער פאַקט איז אַז זייט די סאָציאַליסטישע בעוועגונג האָט זיך אָנגעפאַנגען אין אַמעריקא, האָט זי געהאַלטען אין איין זוכען פיהרער, וואָס זאָלען קענען צוציהען די אמעריקאַנער מאַסען, ווייל די גרינדער פון דער בעוועגונג זיינען געווען דייטשען און אידען און זיי זיינען ניט געווען פעהיג דערצו. זיי זיינען ניט געווען גענוג אַמעריקאַניזירט. און אין דיזער זוכענים איז די בעוועגונג געווען ניט זעהר מזל'דיג. פון צייט צו צייט פלעגען זיך פון די בורזשוא קרייזען אין אַמע־

## דער שפּיעגעל פון דער איסט סייד

ריקאַ אַפּרייסען אייניגע פעהיגע מענשען און זיך אַנשליסען אַן די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי, און ווייל זיי זיינען געווען אַזוינע זעלטענהייטען, פלעגט זיך די פּאַרטיי אָנכאַפּען אָן זיי און זיך מיט זיי שפּיגלען. מען פלעגט זיי גלייך מאַכען פאַר די לידערס. מעהרסטע פון זיי האָבען אָבער מיסברויכט דעם פערטרויען וואָס מען האָט זיי געשאָנקען און זיינען געוואָרען פעררעטהער. איינער פון זיי, דעליאָן, איז געבלי־אַלס פאַנאַטיקער און דיקטאַטאָר און ער האָט געבראַכט מעהר שאָדען ווי נוצען. די גרעסטע צאָהל פון זיי זיינען אָבער געווען פּשוט'ע אַוואַנטוריסטען, זיי האָבען אויסגענוצט די פּאַרטיי אויף אַ קורצע צייט און איהר דאַן פּאַרלאָזען. דער איינציגער אין וועלכען די פּאַרטיי האָט זיך ניט אָפּגע־נאַרט איז דעבס. אָבער ער טויג זיך ניט פאַר פּאַרטיי באָס און ער איז ניט קיין גרויסער טעאָרעטיקער אין סאָציאַליזם. צו איהם דאַרף מען האָבען אַ שטאַרקען אָרגאַניזאַציאָנס־מאַן און דאָס איז הילקוויט.

מען קען דאַרום זאָגען אַז די ראָלע פון לידער פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי איז אַריינגעפאַלען אין הילקוויט'ס הענט „ביי דעפאָלט", ווייל ער האָט ניט געהאַט קיין קאָנקור־רענטען. ער איז געווען איינער אין פעלד. ער איז איי־גענטליך וואָס מען רופט אַ „פּראַקסי", אַ שטעל־פערטרעטער. ער האָט איבערגענומען די בעוועגונג ווי מען זאָגט אויפ'ן לאָיער'שען לשון „אין טראָסט", אַלס אַ טראָסטי און אַלס עהרליכער לאָיער האָט ער זיין טראָסט פערוואַלטעט ריכטיג, אָבער די ביזנעס איז עס אַלץ ניט זיינע. ער האָט זי אינ־

וועסטעט אין גוטע סעקיוריטיס און זי טראָגט איהרע צינזען. זיינע אייגענע ביזנעס געהט פיעל בעסער, דאָ האַנדעלט ער שוין ניט אַלס פּראַקסי.

הילקוויט איז געווען ערפאָלגרייך אין דער בעוועגונג און אין זיינע אייגענע ביזנעס אַ דאַנק זיין געזעצטען כאַראַקטער. אין די קרייזען פון די רוסיש־אידישע ראַדיקאַלען איז אַזאַ כאַראַקטער אַ זעלטענהייט. עס זיינען פאַראַן גענוג פעהיגע מענשען אין דיזע קרייזען, אָבער יעדען איינעם פעהלט עפּעס אום צו ווערען אַ ריכטיגע קראַפט. קאַהאַן איז צו ענטוזיאַסטיש און היציג, מיללער איז ריקזיכטסלאָז, וועהרענד הילקוויט, דאַגעגען, איז גאָר ניט אימפּולסיוו. ער איז אַ מאַן מיט אַ קאַלטער איבערלייגונג, מיט אַ מערקווירדיג קלאָהרען קאָפּ און אַן אייזערנער ענערגיע. ער קען פיהרען אַ קאַמפּף מיט אַזאַ ביטערניש ווי מיללער, אָבער ער אַליין פאַרלירט ניט זיין קאָפּ דערביי, ער קען אויפרעגען אַנדערע, אָבער ער אַליין ווערט גאָרניט אויפגערעגט, אַזאַ מענש מוז זיין זיכער מיט ערפאָלג, בעזאָנדערס ווען מען בערעכענט אַז ער בעזיצט ווירקליך אויסעראָרדענטליכע פעהיגקייטען. אויסער דעם וואָס ער איז אַן אָראַטאָר פון ערשטען ראַנג, איז ער אַ בריל־יאַנטענער דעבאַטאַנט. ער גיט טרעפליכע אַרגומענטען, בעגלייטעט פון קרעפטיגע שלאַגווערטער. דאָס האָט זיך ספּעציעל אַרויסגעוויזען ביי זיינע דעבאַטען מיט סעמועל אונטערמייער און פּראָפעסאָר זעליגמאַן וועגען סאָציאַליזם, און ביי זיין אַרגומענט מיט לאָיער ליטלטאָן אין דער קייס פון די אויסגעשלאָסענע סאָציאַליסטישע אַסמבלימען אין אַלבאַני.

## דער שפּיגעל פון דער איסט סייד

ליטלטאָן איז איינער פון די גרעסטע לאָיערס אין אַמעריקאַ, און דאָך איז הילקוויט געווען מעהר ווי זיין גלייכען אין דעם קאָנפליקט צווישען זיי. ער האָט אויך אַרויסגעוויזען זיינע פעהיגלייטען אין זיין קעמפּעין פאַר מעיר אין 1917, ווען ער האָט געצויגען אַ ריעזיגען וואוט. עס איז געווען אַ וואוט מעהר פאַר איהם ווי פאַר דער פּאַרטיי. דער אמת איז אַז ער האָט זיך געהאַלטען מיט מעהר ווירדע ווי זיינע געגנער בורזשואַזע קאַנדידאַטען. עס איז מעגליך אַז ער האָט צו פערדאַנקען זיינע אייגענשאַפטען צו דער דייטשער ערציהונג וואָס ער האָט געקראָגען אין זיין געבורטס־שטאָדט ריגאַ. ער איז טאַקע מעהר דייטש ווי רוס. די דייטשע שפּראַך איז זיין מוטער־שפּראַך, און עס איז אַ סברא אַז דערצו האָט ער צו פערדאַנקען אַ גרויסע טהייל פון זיין איינפלוס אין דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי, וואו דער דייטשער עלעמענט האָט אימער געשפּיעלט די הויפּט ראָלע.

הילקוויט איז אייגענטליך קיין איסט סיידער. ער וואוינט דאָ ניט און קומט אַהער זעהר זעלטען. ער איז אָבער פערבונדען מיט דער איסט סייד דורך די סאָציאַליסטישע בעוועגונג, וועלכע איז שטאַרק אָפּהענגיג פון ביידע: דער איסט סייד און הילקוויט. ער ווערט פון איהר פּשוט געדרעפּטעט. אָבוואָהל ער איז אַליין פיהרער, ווערט ער אָפט „קאָמאַנדירט" אין דיענסט, און ער מוז דעם דיענסט אַקצעפּטירען. אויף דיזער וויזע איז ער מעהרערע מאָל געלאָפען אַלס קאַנדידאַט פון דער איסט־סייד. אָט דאַרום געהערט ער צום שפּיגעל פון דער איסט סייד, אָבוואָהל ער איז אַ געבאָרגטע פיגור.

## דר. אייזיק הורוויטש.

געבוירען אין ווילנא, 27 אפריל, 1860. שטודירט אין רוס־לאנד אין מעהרערע אוניווערזיטעטען און געווען אדוואקאט מיט א גרויסער פּראקטיק. איז געווען טהעטיג אין דער רוסישער רעוואלוציאנערער בעוועגונג און איז דערפאר פערשיקט געווארען אין סיביר. געקומען אין אמעריקא אין 1890 און אין 1903 בע־קומען פון קאלאמביא אוניווערזיטעט דעם טיטול דאקטאר פילא־זאפיע, געהאלטען א שטעלע אין רעגירונגס דעפּארטמענט פון וואַ־שינגטאן אלס סטאטיסטיקער און איז געווען לעקטשורער אין שי־קאגא אוניווערזיטעט. פערפאסער פון מעהרערע ביכער וועגען עקאנאמישע און אידישע פראגען. האט א צייט פּראקטיצירט לאא אין ניו יארק.

## דר. אייזיק הורוויטש

אין פיעלע הינזיכטען איז די קאריערע פון דר. אייזיק הורוויטש עהנליך צו מילּלער׳ס. ער האָט אויך געבויט און צושטערט. מעהרערע מאָל האָט ער זיך געהאט אויפגעבויט א קאריערע און געוואונען א הויכען פּלאַץ אין דעם רעספּעקט פון זיינע מיטמענשען און עס באַלד צוריק פארלאָרען. ער איז געווען ערפאָלגרייכער אדוואָקאט אין מינסק מיט א נאָמען אין גאַנץ רוסלאנד, ער איז געווען א בעריהמטער רעוואָלוציאָנער און פיהרער פון דער אינטעליגענץ אין רוסלאנד. דאָ אין אמעריקא האָט ער זיך שנעל ערוואָרבען דעם טיטול דאָקטאָר פילאָזאָפיע, און האָט פּראקטיצירט לאָא. ער איז אויך געווען א לעקטשורער אין שיקאַגאָ אוניווערסיטעט און זיין טיטול פּראָפעסאָר איז גאָרניט קיין פוסטער. ער האָט אויך געהאט א וויכטיגע שטעלע אין וואשינגטאָן און ער איז געווען פערפאסער פון פיעלע וויכטיגע, אָריגינעלע ווערק, דער רעזולטאט פון טיעפע פאָרשונגען. און אין מיטען פון דעם אלעם האָט ער געהאט צייט זיך אריינצוכאפּען אין רוסלאנד, אין צייט פון דער רעוואָלוציאָן פון 1905, און דאָרט עלעקטעט ווערען צו דער דומא. אָבער אין קיינע פון דיזע אלע אונטערנעהמונגען האָט ער זיך ניט לאנג געהאלטען, ער האָט זיך געוואָרפען אהער און אהין. יעדעס מאָל האָט ער א בליץ געטהאָן און מען האָט געקענט מיינען אז דאָס איז א שטערן פון דער ערשטער קלאסע, אָבער עס איז געווען בלויז א מעטעאָר. יעדעס מאָל האָבען אויף איהם זיינע פריינד און פער־

## דער שפיגעל פון דער איסט סייד

עהרער געלייגט גרויסע האפנונגען און יעדעס מאל זיינען זיי פון איהם ענטוישט געווארען. ער האט אם ענדע אויפגע־געבען אפילו זיין לאא־פראקטים און איז געווארען א מיט־ארבייטער אין אידישע צייטונגען, געהענדיג פון פלאץ צו פלאץ. ער האט זאגאר געהאט אנגענומען איינמאל די שטעלע פון א קלערק אין א יוניאן, א שטעלע וואס האט זיך גארניט געפאסט צו זיין פרעסטיזש. געענדיגט האט ער דערמיט וואס ער איז געווארען א באלשעוויק, א טשעמפיאן פון דער דיקטאטור פון פראלעטאריאט, און דיזע בעקעהרונג צום באל־שעוויזם קען מען ערקלעהרען מיט זיינע ביזהעריגע האנדלונ־גען. ניין, ער איז ניט קיין שטערן, נור א קאמעט, מען קען קיינמאל ניט וויסען וואו ער וועט אנשפארען נעקסט.

אנצייגענדיג אויף דיזע וואנדלונגען מיינען מיר געווים ניט צו אינסינואירען אז הורוויטש האט געהאנדעלט ווי אן אוואנטוריסט. מיר זיינען וויים דערפון. אין אלע זיינע וואנדלונגען איז ער שטענדיג געווען בעזעעלט פון די העכסטע אידעאלען, אבער שוועבענדיג אין דער לופטען האט ער זיך ניט געקענט אריענטירען און האט געמוזט בלאנדזשען. עס איז דער רעזולטאט פון זיין אידעאליזם. ניין, ער איז ניט קיין אוואנטוריסט און אפילו ניט קיין אפארטוניסט און טאקע דערפאר האט ער זיך ניט געקענט צופאסען צו די אומ־שטענדען.

אין דיזע האנדלונגען און איבערקערענישען האט זיך דר. הורוויטש מעהרערע מאל קליין געמאכט, אבער גראד דערביי האט מען געקענט זעהן אז ער האט אין זיך פיעל גרויסקייט,

## דר. אייזיק הורוויטש

און אז ער וואָלט געקענט פיעל דערגרייכען, אויב ער וואָלט געצייגט אביסעל מעהר שטענדיגקייט. דער פאקט אז מען איז אין איהם אזוי ענטוישט געוואָרען צייגט אז מען האָט פון איהם מעהר ערוואַרטעט, און מען האָט טאקע געהאַט גוטע אורזאַכען דאָס צו ערוואַרטען. הורוויטש איז אָהן צווייפעל א גרויסער מענש, ער איז טיעף געלערנט און זעהר בעגאַבט. פון די אַלע אינטעליגענטען וואָס דער שטראָם פון דער אימי־גראַציע האָט אהער געבראַכט פון רוסלאַנד איז הורוויטש געווען אַן אַנגענעהמע אויסנאַהם. דאָס רוב רוסישע אינ־טעליגענטען וואָס זיינען געקומען אהער זיינען געווען „ניט דערבאַקען". זיי זיינען געווען געשטראַנדעטע אָדער שיפברי־כיגע, מעהרסטע פון זיי האָבען פערזוכט אביסעל בילדונג אין גימנאַזיעס אָדער אוניווערסיטעטען, אָבער זעהר ווייניג פון זיי האָבען עפּעס געענדיגט. און אזוי ווי זייערע קאַריערען זיינען צובראָכען געוואָרען, אזוי איז אויך זייער ערציהונג, זייער כאַראַקטער געבליבען אָהן א פיניש, זיי זיינען ארויס־געקומען האַלבע מענשען. מיר האָבען שוין געזעהן דעם ביי־שפּיעל פון מיללער, וועלכער איז ערצויגען געוואָרען אויפ'ן שלאַכט־פעלד און איז דאַרום פערבליבען ווי אַן אינדיאַנער. הורוויטש, פאַרקעהרט, איז געקומען אהער א „פאָלנער מענש", מיט א פאָלשטענדיגע בילדונג און א גלענצענדע רעפּוטאַציע. ער איז געשטאַנען מיט פיעלע קעפּ העכער פאַר דאָס רוב אינטעליגענטען פון זיין חדר. ווען עס איז אין ניו יאָרק בעקאַנט געוואָרען אַז הורוויטש קומט פון רוסלאַנד, — דאָס איז געווען צום ערשטען מאָל אין 1890, — זיינען זיינע

## דער שפּיעגעל פון דער איסט סייד

מינסקער לאַנדסלייט דאָ געווען מלא שמחה. „איסאַק קומט!" איז געווען ביי אַלעמען אויף די ליפּען. דער נאָמען „איסאַק" איז געווען ווי אַ צויבער. און דער ערשטער איינדרוק וואָס ער האָט געמאַכט אין ניו יאָרק איז טאַקע געווען אַ גוטער, אָבער באַלד זיינען געקומען די ענטוישונגען. די ערשטע ענטוישונג איז געווען ווען ער האָט זיך אריינגעלייגט אין שלום צווישען די סאָציאַליסטען און אַנאַרכיסטען און פּרובירט אויפשטעלען אַ בריק צווישען זיי. נאַטירליך איז דער בריק איינגעפאַלען און דערמיט איז אויך הורוויטש דורכגעפאַלען. און דעמזעלבען פעהלער האָט ער בעגאַנגען דאָ ניט לאַנג, ווען ער האָט געבויט אַ בריק צום באָלשעוויזם. ער האָט זיך ארויסגעצייגט אַלס זעהר שלעכטער אינדזשיניר.

עס איז מעגליך אַז די פאָלקאָמע בילדונג און ערציהונג, וואָס ער האָט גענאָסען אין רוסלאַנד, איז געווען די אורזאַכע פון דיזער שוואַכקייט זיינער. אין רוסלאַנד, צווישען טרוימער, וואָלט ער פעררעכענט געוואָרען אַלס אַ פּראַקטישער אינדזשיניר, אָבער אין אַמעריקאַ איז ער פאַררעכענט געוואָרען אַלס בויער פון לופט-שלעסער. דער הויפּט-טראָבעל מיט הורוויטש איז געווען דאָס ער איז פאַרבליבען אַ רוס אין אַמעריקאַ. פיעלע פון די ניט-דערבאַקענע זיינען אָם ענדע אַמעריקאַניזירט געוואָרען. ער, דער „פאָלגער מענש" האָט גאָר ניט געלערענט און גאָר ניט פאַרגעסען.

אָבער, ווערהענד הורוויטש האָט זיך אזוי קליין געמאַכט, איז ער דאָך ניט געזונקען. זיין רעקאָרד איז פערבליבען ריין, זיין רעפּוטאַציאָן אונבעפלעקט, ער איז פאַרבליבען אַן אידעאַ-

ליסט. ער איז נאָך אַלץ אַ סימפּאַטישע פּערזענליכקייט מיט אַ גרויסען אינטעלעקט און אַ שעהנע פיזיק, דער בעוואוסטער רוסישער גוטמוטה ליגט ביי איהם אויפ'ן געזיכט.

הורוויטש'ס קאַריערע, ווי געזאָגט, דערמאָנט אָן מיללער'ס. פונקט ווי מיללער האָט ער פיעל געבויט און ווייניג ערציעלט. אָבער דערביי בלייבט די עהנליכקייט צווישען זיי. הורוויטש האָט בלויז צושטערט זיינע אייגענע געביידען, ווערענד מיללער האָט מעהרסטענס צושטערט וואָס אַנדערע האָבען געבויט. הורוויטש האָט געשאַפען זיינע פריינד ענטוישונגען, וועהרענד מיללער האָט שטענדיג געזוכט צו רעכטפערטיגען זיין רעפּוּ־טאַציאָן.

הורוויטשעס פּערזענליכער מאַגנעטיזם האָט זיך בעזאָנ־דערס אַרויסגעצייגט, ווען ער איז געווען פאַרבונדען מיט דער קלאָוקמאַכער־יוניאָן און האָט פערטראָטען די אַרבייטער אין די סכסוכים מיט די באָסעס. ווען די באָסעס האָבען פּרובירט אַרויסשטופּען הורוויטש פון זיין שטעלע, האָבען די אַרבייטער זיך געשטעלט פאַר איהם שטאָל און אייזען, און עס איז געווען ניט בלויז ווייל זיי האָבען געוואָלט בעשטעהן אויף זייער רעכט אויסצוקלייבען ווער זיי ווילען, נור טאַקע ווייל זיי האָבען געהאַט צו הורוויטש דעם גרעסטען צוטרויען, אַכטונג און זאָגאַר ליעבע. זיין פּאָפּולאַריטעט ביי די קלאָוקמייקערס איז געוואָרען כמעט אזוי גרויס ווי די פּאָפּולאַריטעט פון באַראָנ־דעס אין די אַלטע צייטען. און ער האָט געהאַט צו פער־דאַנקען זיין פּאָפּולאַריטעט ניט צו זיינע רעדעס, ניט צו זיין פּראָפּאַגאַנדאַ, נור זיין שטילע טהעטיגקייט אין אָפיס און

אין קאָמיטע־זיצונגען. די ארבייטער האָבען געוואוסט אז זיי האָבען א טרייען און העכסט־פעהיגען פערטרעטער. אזא לייבאָר־לידער איז ווירקליך געווען אַן אויסנאַהם, גאָרניט דער טיפּ פון א וואָקינג־דעלעגאַט, נור פון א מיניסטער. די פּאָפּולאַריטעט פון הורוויטש ביי די קלאָוקמייקערס האָט דער־מאָנט אָן זיין אַלטע פּאָפּולאַריטעט ביי זיינע לאַנדסלייטע, ווען זיי האָבען זיך געשפּיגעלט מיט זייער „איסאַק". און בעטראַכטענדיג דיזע טהעטיגקייט פון פּראָפעסאָר הורוויטש, האָט מען געפיהלט אז עס איז פּשוט א שאָד, וואָס אזא מי־ניסטער־קאָפּ מוז זיך בעשעפטיגען מיט קליינע שאָפּ־סכסוכים און אָנווענדען זיינע קענטניסע אין פּאָליטישער עקאָנאָמיע און סטאַטיסטיק אויף סכסוכים וואָס קענען אַטענדעט ווערען פון שאָפּ־דעלעגאַטען. אין דיזע וואָקינג דעלעגייט ביזנעס האָט הורוויטש פאַרלאָרען פיעל פון זיין פּרעסטיזש, אָבער ניט פון זיין רעפּוטאַציאָן, אין דער אַכטונג פון זיינע מיט־מענשען האָט ער ניט פאַרלאָרען גאָר געוואונען.

מיר האָבען געזעהן אז מעהרסטע פּאַרקעמפּפער פון די מאַסען, מעהרסטע אידעאַליסטען זיינען פּערזענליך אָפּט אָפּ־שטויסענד, זיי זיינען גרויסע עגאָאיסטען אין זיי לעבען זעל־טען אין שלום אפילו מיט זייערע אייגענע קאַמעראַדען. הור־וויטש איז אַן אַנגענעהמע אויסנאַהמע פון דיזען כלל. אין זיינע בעציהונגען מיט זיינע קאָלעגען, ווי איבערהויפּט מיט זיינע מיטמענשען, איז ער אימער העכסט אַנגענעהם, ער אַטאַקירט קיינעם ניט פּערזענליך, און ער האָט דארום קיינע פּערזענליכע פיינד, ער געניסט די אַלגעמיינע אַכטונג.

## מאיר לאָנדאָן.

געבוירען אין רוסלאנד, אין 1871 און איז געקומען אין אמע־ריקא אין 1891. איז געווארען לאיער אין 1898, איז א טהעטיגער מיטגליעד אין דער סאציאליסטישער פארטיי פון וועלכער ער איז דריי מאל עלעקטעט געווארען צום קאנגרעס. יעצט א פראקטיצי־רענדער לאיער.

# מאיר לאָנדאָן

אייגענטליך קומט מאיר לאָנדאָן דער ערשטער פּלאַץ אין דיזער סעריע, ווייל ער איז ניט נור אַ בעקאַנטע, פּאָפּולערע פיגור אויף דער איסט סייד, נור ער איז געווען איהר ערשטער אָפיציעלער פערטרעטער אין קאָנגרעס. עס זיינען אויך פרי־הער געווען אידען אין קאָנגרעס, אָבער לאָנדאָן איז דער ער־שטער רוסישער איד, דער ערשטער אימיגראַנט, וואָס האָט זיך דערשלאָגען צו דיזער עהרע. און אזוי ווי ער איז עלעק־טעט געוואָרען פון דער איסט סייד, מעג ער קליימען צו זיין איהר ערשטער אָפיציעלער פערטרעטער. זיין „טייטל" צום „שפּיגעל" קען אלזאָ ניט בעשטריטען ווערען.

פון דער אַנדער זייט, מיט ועמען נאָך קען זיך אַ קריי־טיקער נעהמען אזעלכע פרייהייטען און דיסקוטירען זיינע מעלות און חסרונות, און „דיססעקטען" זיין נשמה, ווי מיט אזאַ ערוועהלטען פערטרעטער פון פאָלק? אַן עפענטליכער טוער, וועלכער לויפט ניט פאַר אַן אַמט, וועלכער איז בלויז טהעטיג אין פּריוואַט־אָרגאַניזאַציאָנען, ווי טשאַריטיס אָדער לייבאָר יוניאָנס, אָדער אַ רעדאַקציאָן, האָט נאָך עפּעס אַ רעכט אויף „פּרייוועסי", ער איז קיינעם ניט שולדיג אַ רעכ־נונג, אויסער אַלס בירגער צוגלייך מיט אַנדערע. ספּעציעל אַ רעדאַקטאָר קומט זעלטען ארוים מיט זיין „איך". ער בע־האַלט זיך געוועהנליך אונטער דעם רעדאַקציאָנעלען „מיר".

## דער שפּיגל פון דער איסט סייד

אפילו אַן אַפּוינטעטער בעאַמטער איז ניט אזוי פאַראַנטוואָרטליך פאַר'ן עולם, ער שטעהט אונטער די וואָס האָבען איהם אַפּוינטעט. אַן ערוועהלטער בעאַמטער איז אָבער אַ דיענער פון זיינע וועהלער, ער איז זיי שטענדיג שולדיג רעכנונג, ער איז אימער אונטער דעם אויג פון דער עפענטליכקייט, דאָס איז דער פּרייז וואָס ער צאָהלט פאַר דעם כבוד וואָס ער קריגט.

אזוי וויינינגסטענס איז די רעגעל אין אַמעריקא. מען מוז אָבער צוגעבען אַז אַ סאָציאַליסטישער פערטרעטער האָט אַ געוויסע קלעים אויף אַן אויסנאַהם. ער געהערט ניט אין גאַנצען דער עפענטליכקייט, ער בעלאַנגט ניט אין גאַנצען צו זיינע „קאָנסטיטוענטס", צו זיינע וועהלער, ער בעלאַנגט מעהר צו זיין פּאַרטיי. ער בעלאַנגט צו איהר מיט לייב און זעעלע, ער פערלירט אין איהר זיין אינדיווידואַליטעט.

אין דעם ליגט דער הויפּט-אונטערשיעד צווישען די פּאָליטישע בעגריפע פון אַ בורזשואַ און אַ סאָציאַליסט. די העכסטע רעקאָמענדאַציאָן וואָס מען קען געבען אַ בורזשואַ-פאָרשטעהער איז אַז ער איז קיין ווערקצייג פון דער פּאָליטישער מאַשין וואָס האָט געמאַכט מעגליך זיין עלעקשאָן. די בורזשואַזע מאָראַל פאָדערט אַז פון דעם מאָמענט ווי איינער איז עלעקטעט צו אַ פּאָבליק אָפיס, זאָל ער בעלאַנגען פריהער צום גאַנצען פאָלק און ערשט נאָך דעם צו זיין פּאַרטיי. דאָס פאָלק האָט אויף איהם אַן ערשטען מאָרטגעדזש. דאָס מיינט נאַטירליך ניט אַז דאָס איז ביי זיי טאַקע די רעגעל. מיר ווייסען אַלע אַז די פּאַרטיי-מאַשינען אין אַמעריקא זיינען

אַלמעכטיג און אַז די פּאַרטיי־באָסעס געברויכען שטענדיג אַ בייטש און צווינגען די פאָלקס־פּערטרעטער צו דיענען בלויז די פּאַרטייען, אָבער וויינינגסטענס איז פאַראַן אַן אידעע צו וועלכער מען שטרעבט, און זעהר אָפט טרעפט מען צווישען די פּאָליטישענס מענשען, וואָס רעוואָלטירען געגען די באָסעס און זוכען צו האַנדלען זעלבסטשטענדיג. און ווען אַזאַ פּאָלי־טישען מאַכט אַזאַ פאַרזוך קריגט ער אַלגעמיינע אַנערקענונג. וואָס מעהר אינדעפּענדענס אַזאַ פּאָליטישען צייגט אַרויס, אַלץ מעהר קרעדיט בעקומט ער פון דער עפענטליכער מיינונג. דאָס ווערט פערלאַנגט פון אַ פּרעזידענט, אַ גאָווערנאָר, אַ מעיר און אפילו אַן אָלדערמען. די גרויסע פּאָפּולאַריטעט פון מעיר היילען און פון גאָווערנאָר סמיטה איז צו פער־דאַנקען בלויז ווייל מען האַלט זיי פאַר אינדעפּענדענט פון דער פּאַרטיי צו וועלכער זיי בעלאַנגען. און ביי אַן עלעק־שאָן־קעמפּעין קענט איהר הערען ווי קאַנדידאַטען וואָס זיינען נאָמינירט געוואָרען פון טעמעני האָל ערקלעהרען עפענטליך: אַז אויב זיי וועלען עלעקטעט ווערען, וועלען זיי ניט הערען טעמעני האָל, און טעמעני האָל האָט אפילו ניט דאַגעגען, זי פאַרשטעהט אַז דאָס איז דער אידעאַל פון די וועהלער, אַז דאָס איז די הערשענדע מאָראַל, און זי בויגט זיך פאַר איהר, — און טוט שפּעטער וואָס זי וויל, אויב זי קען נור.

גאַנץ אַנדערש איז עס מיט דער סאָציאַליסטישער מאָ־ראַל. דיזע מאָראַל פאָדערט אַז אַן ערוועהלטער פערטרעטער זאָל דיענען פריהער פאַר אַלעס דער פּאַרטיי. אַ סאָציאַליס־טישער פערטרעטער טאָר ניט האָבען זיין אייגענעם ווילען,

אפילו ניט זיין אייגענע מיינונג, ער מוז בלויז פאָלגען די ווינשע פון דער פּאַרטיי. ער מוז זיין בלויז אַן אינסטרומענט פון דער פּאַרטיי אָהן וועלכע עס איז אינדיווידואַליטעט. און די פּאַרטיי פאַרזיכערט זיך דיזע קאָנטראָל דערמיט וואָס זי צווינגט יעדען קאַנדידאַט פאַר אַן אַמט אָנצוגרייטען אַ געשריבענע רעזיגנאַציאָן און עס דערלאַנגען דער פּאַרטיי, אום ווען נור די פּאַרטיי געפינט עס פאַר נויטיג, זאָל זי עס איהם צואוואַרפען און איהם צווינגען האַלטען וואָרט. מיר מיינען ניט צו קריטיקירען די פּאַרטיי דערפאַר, זי האָט גוטע אורזאכען אזוי צו האנדלען, זי זוכט אָפּיסעס ניט צו בעלויגען איהרע טוער, נור צו אַרבייטען פאַר די אינטערעסען פון דער פּאַרטיי, פאַר דעם פּרינציפּ, און דער ערוועהלטער סאָציאַליסט דאַרף אַנערקענען בלויז דעם מאַנדאַט פון זיין פּאַרטיי. מיר ציינען בלויז אויף דעם אונטערשיעד צווישען די צוויי מאָראַלען, ווייל דאָס איז נויטיג צו האָבען אין זינען ווען מיר ווילען אורטהיילען די טהעטיגקייט פון אַ סאָציאַליסטישען קאָנגרעסמען. מיר קענען איהם ניט אורטהיילען מיט דערזעלבער מאָס ווי אַ געוועהנליכען פּאָליטישען, ער איז ניט זיין אייגענער באָס.

אַ סאָציאַליסטישער פערטרעטער דאַרף זיין בלויז אַ פאָנאָגראַף וואָס דאַרף רעפּראָדוצירען די שטימע פון בעל הבית. ער איז בלויז אַ מאַשין, וואָס ווערט צוגעשיקט אין קאָנגרעס מיט אַ סטאַק רעקאָרדס, און ער טאָר די רעקאָרדס ניט ברעכען.

איין זאַך איז אָבער נויטיג צו בעמערקען דערצו. וועהרענד די פּאַרטיי איז אזוי שטרענג צו די ערוועהלטע פער־

## מאיר לאָנדאָן

טרעטער און עפענטליכע בעאַמטע און וועהרענד איהר מאָראל פאָדערט פון זיי בלינדע אונטערוואַרפונג צו דער מאדזשאָריטי רול, פאָדערט זי עס ניט פון די פיהרער און באאַמטע אין דער פּאַרטיי. דער פאַקט איז אַז די בעאַמטע פיהרען זיך אין דער פּאַרטיי אָפט ווי דיקטאַטאָרס, זיי בעהערשען ניט נור די מאַשין, נור זיי פאָרמולירען אָפט די פּאָליסיס און פּרינציפּען. זיי זיינען אָפט שטרענגערע באָסעס, ווי די בורזשואזע פּאַרטיי־פיהרער. אַ סעמפּל פון אַזאַ באָס איז געווען דעליאָן אין דער אַלטער סאָציאַליסטישער ארבייטער־פּאַרטיי. אַזאַ באָס איז לענין אין סאָוויעט רוסלאַנד. ער זיצט אין זיין קאַבינעט און דיקטירט די פּאָליסיס פון סאָוויעט.

דיזע בעטראַכטונגען, ווי געזאָגט, זיינען געווען נויטיג אין אָפּשאַצען די טהעטיגקייט פון מאיר לאָנדאָן אַלס קאָנגרעסמאַן. זאָלאַנג ער איז לויט דער פּאָליטישער מאָראל פון דער פּאַרטיי קיין באָס איבער זיך, זאָלאַנג ער קען ניט ארויסצייגען אינדעפּענדענס, קען מען איהם ניט האַלטען דירעקט פעראַנטוואָרטליך פאַר אַלעס וואָס ער האָט געטהאָן אָדער ניט געטהאָן. מען קען בלויז אורטהיילען ווי אַזוי ער האָט דאָס אָדער יענעס דורכגעפיהרט, צו געשיקט צו ניט, אָבער פאַר'ן אינהאַלט איז ער ניט אין גאַנצען פעראַנטוואָרטליך, ער האָט געפאָלגט אָרדערס פון אויבען. דאָס מיינט נאַטירליך ניט אַז ער מוז זיין אַ שוועכלינג, עס איז ניט אַ פראַגע פון כאַראַקטער נור פון סיסטעם. דער פאַקט איז אַז פון דער נאַטור איז לאָנדאָן גאָרניט געאייגענט צו זיין אַ שקלאַוו ביי

אימיצען. ער איז אינדעפּענדענט אין דענקען און האַנדלען, ער איז אימפּולסיוו, און איז גאַרניט אזוי לייכט צום קאָנ־טראָלירען. אונטער די אומשטענדען האָט ער זיך געהאַלטען גאַנץ געשיקט אוןווירדיג, אָבער קיין גרויסען ערפאָלג האָט ער ניט געקענט פערצייכנען, ווייל זיין טהעטיגקייט איז געווען בעגרענצט פון זיינע אויפזעהער. א דעמאָקראַטישער אָדער רעפּובליקאַנער קאָנגרעסמען קען אריינברייננגען א ביל, ניט אָנפרעגענדיג ביי זיין פּאַרטיי, בלויז פאָלגענדיג זיין אייגענע איניציאַטיווע. נאַטירליך אויב ער וויל דער ביל זאָל דורכ־געהן מוז ער זוכען סופּאָרט ביי זיין פּאַרטיי, אָבער ער זוכט אויך סופּאָרט ביי אַנדערע פּאַרטייען, ער איז אבהענגיג פון אַנדערע, ווייל ער דאַרף האָבען זייער מיטווירקונג, אָבער ער איז פון זיי ניט געבונדען מיט א שטרענגע לאָיאַלטי־טעסט און א געשריבענע רעזיגנאַציאָן.

אַז לאָנדאָן איז דאָך געווען געוויסערמאַסען אינדעפּענ־דענט האָט מען געזעהן פון זיין האַלטונג אין קריעג. אין דער צייט ווען זיין פּאַרטיי האָט אָנגענומען די בעוואוסטע סעינט לואיס רעזאָלושאָן, וואָס האָט פערדאַמט אַמעריקאַ׳ס בעטהייליגונג אין דעם קריעג, האָט לאָנדאָן אָפען געצייגט זיין סימפּאַטיע מיט אַמעריקאַ׳ס שטעלונג און בעפאָר אַמע־ריקאַ׳ס אריינטריט אין קריעג, וועהרענד די הויפּט פּאַרטיי־פיהרער זיינען געווען פּראָ דייטש, איז ער געווען ענטשיעדען פּראָ עלליי. ער האָט אָבער געקענט אפאָרדען צו זיין אזוי אינדעפּענדענט, ווייל די פּאַרטיי־באָסעס וואָלטען איהם ניט געוואַגט צו דיסציפּלינירען פאַר זיין לאָיאַליטעט. ליידער

האָט ער ניט ארויסגעצייגט אזא אינדעפענדענס אין אנדערע קלענערע פראגען, וואו ער האָט זיך ניט געקענט שטיצן אויף זיין פאטריאָטיזם. אין דער פראגע פון דעם סאָלדזשער־באָנוס האָט ער געשטימט צוזאַמען מיט די דעמאגאָגען, וועלכע זיינען געוועזן בערייט ארייסצואווארפען ביליאָנען דאָלארס אום צי קריגען דעם וואוט פון די קריעגס־וועטעראַנען.

אין פארטיי־קרייזען איז לאָנדאָן ניט אימער געוועזן וואָס מען רופט „פערסאָנא גראטא“, ווייל די פיהרער האָבען ניט געטרויט זיין אינדעפענדענס. ער איז מעהרערע מאָל רענאָ־מינירט געוואָרען אַלס קאָנגרעסמען, אָבער דאָס איז געשעהן ניט ווייל ער איז געוועזן אזוי ווינשענסווערטה פאר די פיה־רער, נור ווייל ער איז געוועזן דער שטארקסטער קאנדידאט אין דעם דיסטריקט, דער איינציגער מיט אַ שאַנס עלעקטעט צו ווערען, צוליב זיין פערזענליכע פּאָפּולאריטעט. און דיזע פּאָפּילאריטעט האָט ער געוואונען נאָך לאנג בעפאָר ער איז געוואָרען קאָנגרעסמען, אין זיין לאנג־יעהריגער טהעטיגקייט אין דער ארבייטער־בעוועגונג.

אין זיינע בעציהונגען מיט זיינע קאָלעגען און פריינד איז לאָנדאָן אימער אַ „גוטער ברודער“ און דאָס, ווי מיר האָבען שוין געזעהן, קען מען ניט זאָגען פון מעהרסטע „טשעמפּיאָנס“ פון פאָלק. זיי הייסען טאקע אַלע גענאָסען אָבער ניט אַלע געניסען דיזעלבע פריינדשאפט. מעהרסטע פון די וואָס טהיילען אויס סימפּאטיע אין האָלסייל, האָבען ניט גענוג צו פארטהיילען אין ריטעיל און אין פערזענליכע בעציהונגען זיינען זיי געוועהנליך קאַלט און אונסימפּאטיש.

לאָנדאָן דאָגעגען איז א העכסט סימפּאַטישע פּערזענליכקייט, ער איז סענטימענטאַל, און ער איז אמת דעמאָקראַטיש. ער איז אַמביציעז, אָבער ניט צופיעל פאַרגלויבט אין זיך, ער איז ניט צו עגאָאיסטיש, ווי עס איז די רעגעל מיט די פּאָלקס־מענשען. ער איז ליבעראַל אין דענקען, ליבעראַל אין זיינע האנדלונגען.

אינטערעסאַנט איז אַז לאָנדאָן איז געווען פּאָפּולער אפילו צווישען זיינע בורזשואַזע קאָלעגען אין קאָנגרעס, און ער איז געווען פּאָפּולער איינפאַך צוליעב זיין אנגענעהמע פּערזענליכ־קייט. דער קאָנגרעס האָט געהאַט א סאָציאַליסטישען מעמ־בער נאָך בעפאָר איהם, וויקטאָר בערגער פון מילוואָקי, זעהר א פעהיגער מענש, אָבער בערגער איז געווען זעהר איינזאַם אין קאָנגרעס, ער האָט מיט קיינעם ניט פערקעהרט, ער איז געווען ווי פון אנאַנדער וועלט. און ווען לאָנדאָן איז אָנגע־קומען אין קאָנגרעס האָט מען דאָרט אָנפאַנגס געמיינט אַז ער איז פון דעמזעלבען זאָרט. מיט דער צייט האָבען אָבער די איבריגע מעמבערס בעמערקט אַז ער האָט אויך א „סענס אָוו יומאָר", אַז ער איז א „ספּאָרט", אַז ער קען נעהמען א שפּאַס און מאַכען א שפּאַס און זייערע בעציהונגען זיינען געוואָרען פריינדליך און אינטים. די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי האָט זיך ניט געהאַט צו שעהמען מיט איהר פערטרעטער אין קאָנגרעס, ער איז געווים געווען פעהיג צו פערטרעטען זיין שטעלע.

## הענרי מ. גאָלדפאָגעל.

געבוירען אין ניו יארק, 23 מאי, 1856. אין 1887 ערוועהלט דזשאדזש פון 5טען דיסטריקט קאורט. אין 1893 געווארען דזשאדזש פון וועלכען אמט ער האט זיך צוריקגעצויגען אין 1900, געווען מעמבער פון קאנגרעס פון 1900 ביז 1916. זייט 25 יאהר געווען דעלעגאט צו אלע דעמאקראטישע נעשאנאל קאנווענשאנס. איז יעצט קאמישאנער אוו טעקסעס.

# דזשאָרזש גאָלדפאָגעל

זייט מעהר ווי אַ פיערטעל יאָהרהונדערט איז דזשאָרזש הענרי מ. גאָלדפאָגעל געווען דער אָפיציעלער פערטרעטער פון דער איסט סייד. אין וואַשינגטאָן האָט מען געגלויבט אַז ער איז דער גרעסטער פאָרשטעהער פון די אידען אין אמעריקא. אין קאָנגרעס האָט מען איהם רעספּעקטירט און אָפט געגעבען אַפּוינטמענטס אין וויכטיגע קאָמיטעס. ער האָט שטענדיג געהאַט צוטריט צו אַלע פּרעזידענטען, און אַלץ ווייל מען האָט געגלויבט אַז ער איז דער פיהרער פון די אידען. אויך אין ניו יאָרק האָט ער געשפּיעלט אַ גרויסע ראָלע ביי די פּאָליטישענס און ער האָט געהאַט אַן איינפלוס אויף אַלע סיטי אדמיניסטריישאָנס, און אַלץ אַלס אַ פאָרשטעהער פון יודענטהום. נור ביי די אידען זעלבסט איז גאָלדפאָגעל אין אמת'ן געווען פרעמד. ניט ער האָט געקענט די אידען פון דער איסט סייד, וועלכע ער האָט רעפּרעזענטירט, און ניט די אידען האָבען איהם געקענט. ניט ער האָט זיי פערשטאַנען און ניט זיי האָבען איהם פערשטאַנען. ער איז פיעלע מאָל עלעקטעט געוואָרען צום קאָנגרעס מיט היבשע מעהרהייטען, אָבער דאָס איז אימער געווען מיט'ן כח פון טעמעני האָלל. ער האָט רעפּרעזענטירט די אידען פון דער איסט סייד, פּונקט ווי טעמעני האָלל האָט זיי רעפּרעזענטירט. טעמעני האָט איהם נאָמינירט ווייל ער איז געווען

## דער שפיעגעל פון דער איסט סייד

א טרייער טעמעני פּאָליטישען און ער האָט פאר איהר גע־טויגט.

און ווייל גאָלדפאָגעל האָט אזוי לאנג פארטראָטען די איסט סייד קומט איהם א פלאץ אין דיזען שפיגעל, מען מוז זיך מיט איהם רעכענען, מען קען איהם פון דעם שפיגעל ניט אָפּווישען. ער איז דאָ, אָדער ריכטיגער, ער איז געווען.

גאָלדפאָגעל איז טאקע א געבוירענער איסט סיידער. אָבער ער האָט באָלאנגט צו דער איסט סייד פון אמאָל, פון די צייטען פון אזעלכע פּאָליטישענס ווי טשארלי סמיטה און מארטין ענגעל. עס איז געווען די צייט, ווען די קאָהענס און די ליוויים פון בעקסטער סטריט זיינען געווען די אָנגעזעהענ־סטע אידען פון דער איסט סייד און זיי האָבען געקוקט אויף גאָלדפאָגעל אלס זייער פארטרעטער. די איסט סייד פון היינט איז אָבער ניט די איסט סייד פון אמאָל, עס זיינען צוגעקומען הונדערטע טויזענדע אידען, עס איז אויפגעוואקסען א נייער דור אידען, און מיט דיזער נייער אידישער בעפעלקערונג האָט שוין גאָלדפאָגעל גארניט געהאט געמיינשאפטליכעס. ער איז געווען פון אנאנדער חדר.

אום צו פארשטעהן דעם אָפּגרונד וואָס האָט אפגעטיילט גאָלדפאָגעל פון דער אידישער באפעלקערונג, איז נויטיג צו פארשטעהן דעם אונטערשיעד צווישען דער איסט סייד פון אמאָל און פון היינט. די איסט סייד איז שוין לאנג א אידי־שער צענטער און נאָך מיט פערציג יאָהר צוריק איז זי געווען פול מיט אידען. דער פאקט איז, אז אין דער לעצטער צייט איז זי גאָר געוואָרען ווייניגער צענטער פון אידען ווי פריהער.

ווי צום ביישפּיל מיט פינף אין צוואַנציג יאָהר צוריק. דאַ־מאָלס האָט אויף דער איסט סייד געוואָהנט כמעט די גאַנצע אידישע בעפעלקערונג פון ניו יאָרק, וועהרענד היינט זיינען דאָרט פאַרבליבען נור די וואָס האָבען דאָרט נויטיגע ביזנעס, די גרעסטע צאָהל אידען האָבען צומופּט נאָך פערשיעדענע אַנדערע געגענדען. מיט פינף און צוואַנציג יאָהר צוריק איז די איסט סייד געווען אַ „סאָשעל סענטער”, וואו עס פלעגען טעגליך זיך טרעפען אַלע אידישע פאָרשטעהער. היינט ווען זיי דאַרפען מיטען, מוזען זיי קומען פון אַלע עקען ניו יאָרק. דאַמאָלס פלעגען זיי זיך טרעפען ארויסגעהענדיג אין גאַס. אָבער וועהרענד די איסט סייד איז געווען אַ צענטער פון דער גאַנצער אידישער בעפעלקערונג, איז די אידישע בעפעלקערונג ביז ניט לאַנג צוריק געווען פרעמד אפילו אויף דער איסט סייד. מעהרסטע אידען זיינען נאָך געווען גרין, און די מעהר אָדער וויינעגער אויסגעגרינטע זיינען געווען ראַדיקאַלען, וועל־כע האָבען גענומען אַן אינטערעסע אין די אפערס פון רוסלאַנד און דייטשלאַנד און ניט פון דער איסט סייד. דער רעזולטאַט איז געווען, אַז זיי האָבען ניט אויסגעאיבט קיין שום איינ־פלוס, מען האָט זיי פּשוט ניט בעמערקט. צו יענער צייט איז גאָלדפּאָגעל געווען דער בעסטער פערטרעטער פון דער איסט סייד, ווייל ער איז געווען וויינינגסטענס אַן אַנשטענדיגער מענש, מען האָט זיך מיט איהם ניט געדאַרפט שעהמען. איי־גענטליך האָט טעמעני געקומט אַ דאַנק וואָס זי האָט אויס־געקליבען גאָלדפּאָגעל צו דיענען אַלס פאָרשטעהער פון דער איסט סייד, זי האָט געקענט אויסקלייבען אַ פיעל ערגערען

מענשען, און בעפאָר איהם האָט זי טאַקי געהאַט אויסגעקליבען מאַנכע פון די נידריגסטע פּאָליטישענס. עס איז אַ פאַקט, אַז איין קאָנגרעסמען פון דער איסט סייד האָט געענדיגט זיין קאַריערע אין אַ רינשטאָק. גאָלדפאָגעל׳ס עלעקשאָן איז געווען דער רעזולטאַט פון אַ רעפאָרם בעוועגונג, עס האָט דאַן בע־דייטעט די אויפלעבונג, די עמאַנסיפּאַציאָן פון דער איסט סייד. בעפאָר זיינע צייטען זיינען די עלעקטעטע פערטרעטער פון דער איסט סייד געווען אָפּט אויסוואורפען, זיי זיינען גע־ווען פּאַרטרעטער פון דעם רעד לייט דיסטריקט, מאַנכע זיינען פּשוט געווען פרויען הענדלער.

גאַנץ ניי יאָרק האָט דאַן געוואוסט, אַז די שמוציגסטע פּאָליטיק ווערט געשפּיעלט אין די איסט סייד דיסטריקטען. דער ערגסטער פון אַלע דיסטריקטען איז געווען דער אכטער, אַרום עסעקס סטריט, און עסעקס מאַרקעט קאָורט איז געווען די העדקוואָרטערס פון די גרעסטע גנבים און קאַדעטען. די פּאָליטישע אָרגאַניזאַציאָנען פון ביידע גרויסע פּאַרטייען אין דיזען דיסטריקט זיינען געלעגען אין די הענד פון פערברעכער, און די שטאָדט האָט געמיינט, אַז דיזע פערברעכער רעפּרעזענ־טירען די אידען פון דער איסט סייד. אין אמת׳ן האָבען די אידען פון דער איסט סייד גאָרניט געהאַט געמיינשאַפטליכעס מיט די פערברעכער און זייערע פּאָליטישע אָרגאַניזאַציאָנען. די פערברעכערישע פּאָליטישענס זיינען געווען די בעלי־הבתים און די מאַסען פון דער אידישער בעפעלקערונג זיינען געווען זייערע קרבנות. די בעפעלקערונג איז געווען הילפלאָז געגען די פערברעכער, ווייל די פערברעכער האָבען געהאַט ניט נאָר

די פּאָליטישע מאכט, נור וואָס איז דאָס וויכטיגסטע, די פּאָלים מאכט, די פּאָלים איז געווען זייער דיענער, און זיי האָבען פּשוט אויסגעאיבט אַ טעראָר איבער דער בעפעלקערונג. און די שטאָדט האָט געמיינט, אַז די פערברעכער רעפּרעזענטירען ווירקליך די אידען.

אין דער לעצטער צייט האָט זיך פיעל געענדערט צום בעסערען. דער רעד לייט דיסטריקט איז פארשוואונדען, די איסט סייד איז געוואָרען איינע פון די ריינסטע שטאָדט טהיילען, און אויך אין פּאָליטיקס איז זי געווארען ריינער ווי אמאָל. מען גלויבט געוועהנליך, אַז דאָס איז דער רעזולטאַט פון דער רעפאָרם בעוועגונג וואָס איז אָנגעגאַנגען אין ניו יאָרק אין די לעצטע פּאָר צעהנדליג יאָהר, אָבער דאָס איז אַ טעות. די אמת'ע אורזאַכע פון דער ענדערונג איז וואָס דער כאַראַקטער פון דער בעפעלקערונג האָט זיך געענדערט. דער גרויסער שטראָם פון אימיגריישאָן האָט פערפלייצט די איסט סייד און פּשוט צוטראָגען דעם שמוץ וואָס איז דאָרט געווען אָנגעקליבען. די גרינע ארבייטער און פעדלערס האָבען ארויסגעשטופּט די קאַדעטען און שכורים און די גאַנמען. די פערברעכער האָבען זיך ארומגעזעהן, אַז צווישען דיזע אָרימע מאַסען קען מען קיין גוטע ביזנעס ניט מאכען און זיי זיינען אַוועק אין אַנדערע געגענדען וואו זיי קענען האָבען מעהר ערפאָלג. די גרינע אידען האָבען עס אויסגערייניגט די איסט סייד.

און זייט די איסט סייד איז ריינער געוואָרען, האָט זיך אויך געמוזט ענדערען דער כאַראַקטער פון די פּאָליטישע אָר־

גאַניזאַציאָנען, די קאַדעטען אין באָמם האָבען זיך צוריקגע־
צויגען און די אָרגאַניזאַציאָנען זיינען אריינגעפאַלען אין די
הענד פון נייע פּאָליטישענס, פון א ריינערען זאָרט.

די עלעקשאָן פון גאָלדפאָגעל צום קאָנגרעס איז געווען
דער רעזולטאַט פון דיזער ענדערונג אין דעם סאָציאַלען און
פּאָליטישען לעבען פון דער איסט סייד, עס איז געווען א
צייכען פון פּראָגרעס. אָבער גאָלדפאָגעל איז אַליין ניט געווען
דער ריכטיגער רעפּרעזענטאַנט פון דיזער בעפעלקערונג, וועלכע
האָט פעראורזאַכט די געוואַלדיגע ענדערונג אין דעם דיסט־
ריקט. ער איז געווען דער רעפּרעזענטאַנט פון דעם בעסערען
עלעמענט פון דעם פריהערן דור, אָבער ניט פון דעם נייעם דור.
און מיט דעם נייעם דור מיינען מיר ניט גראד די סאָציאַליס־
טען, זיי בילדען אַליין ניט די מאַיאָריטעט פון דעם דיסטריקט,
דער נייער דור מיינט די גרויסע מאַסע פון דער יעצטיגער
בעפעלקערונג, וועלכע האָט פערטריבען די פּעסט פון דער
איסט סייד. גאָלדפאָגעל איז דער רעפּרעזענטאַנט פון די
ליוויים און קאָהענס פון בעקסטער סטריט, ער איז דער רעפּ־
רעזענטאַנט פון די בעסערע עלעמענטען פון טעמעני האָל,
אָבער מיט דער נייער בעפעלקערונג האָט ער גאָרניט געמיינ־
שאַפטליכעס.

די אונפּאָפּולאַריטעט פון דזשאָדזש גאָלדפאָגעל האָט גאָר־
ניט געהאַט צו טאָהן מיט זיין כאַראַקטער. פּערזענליך האָט
ער געמעגט זיין דער ליעבענס־ווירדיגסטער מענש. און געגען
זיין רעקאָרד איז טאַקי ניטאָ וואָס אויסצוזעצען. ער איז
געווען א גוטער איד, א גוטער סיטיזען, א געוויסענהאַפטער

בעאַמטער, און ער האָט געטהאָן זיין בעסטעס צו דיענען די אינטערעסען פון זיינע ״קאָנסטיטוענטס״. און ער האָט ווירקליך אויפגעטאָהן פיעלעס גוטעס. יאָהרענלאַנג האָט ער אין קאָנגרעס בעקעמפט דעם אימיגריישאָן ביל, וועלכער פלעגט פאָרגעשלאָגען ווערען יעדעס יאָהר זייט קליוולענד האָט עס דאָס ערשטע מאָהל וועטירט. און גאָלדפאָגעל׳ס וואכזאמקייט האָט פיעל געהאָלפען דיזען ביל צו פערהיטען. דערפאר קומט איהם געוויס אנערקענונג. ער איז געווען א טיכטיגער פּאָליטיקער, א פעהיגער רעדנער, א שטארקער אָפּאָנענט אין א דעבאטע, און אויך אַן אונערמיעדליכער כלל טוער. ער איז אויך געווען א פּראָמינענטער לאָיער, און בעפאָר ער איז געוואָרען קאָנגרעסמען האָט ער א לאנגע צייט געדיענט אלס דזשאָדזש פון מוניסיפאל קאורט מיט גרויס אויסצייכנונג.

אָבער טראָץ דיזע פיעלפאכע טהעטיגקייט איז ער געווען פרעמד צו די איסט סייד בעפעלקערונג, ער איז געווען פּראָמינענט אין טעמעני האָל, אָבער ניט ביי די אידישע מאסען, ער האָט געהאט אַן איינפלוס אין פּאָליטישע קרייזען, אָבער ניט אויף די עפענטליכע מיינונג פון דעם אידישען קווארטאל. ער האָט געקראָגען די אידישע וואוטס פונקט ווי זיינע גויאישע פאָרגעננער פלעגען זיי קריגען, מיט׳ן כח פון טעמעני האָל, און גראד ווייל ער איז געווען פערטרעטער פון דער טעמעני מאשין האָט ער ניט געקענט זיין פּאָפּולער ביי די בעפעלקערונג, וועלכע האָט געפאָלגט טעמעני בלויז אויס מורא.

די צרה מיט גאָלדפאָגעל איז געווען, אַז ער האָט דאָס ניט פערשטאַנען. ער האָט ווירקליך געמיינט אַז ער איז

## דער שפּיעגעל פון דער איסט סייד

דער אויסגעוועהלטער פון דער איסט סייד, אז ער רעפּרעזענ־טירט ניט נור איהרע אינטערעסען, נור אויך איהרע שטרע־בונגען און איהרע אידעאַלען. און ווען ער איז צום ערשטען מאָל געשלאָגען געווארען פון מאיר לאָנדאָן איז עס פאר איהם געווען א גרויסע איבעראַשונג. ער האָט ניט געקענט פאר־שטעהן ווי אַזוי די איסט סייד האָט איהם געקענט פארלאָזען. עס איז פאר איהם געווען א שווערער קלאַפּ און ער האָט עס זיך גענומען שטארק צום הארצען. ער האָט געפיהלט פונקט ווי א מאַן, וועלכער האָט אָפּגעלעבט פיעלע יאָהרען גליקליך מיט זיין פרוי און זעהט זיך פּלוצלינג אַרום אַז זי איז איהם אונטריי. עס איז געווען א ווירקליכער רחמנות אויף איהם, ווייל עס איז איהם געקומען אונערוואַרטעט. ער האָט פאר־לאָרען די אמונה אין מענשען, אין רעכט און יושר.

און שולדיג אין דעם איז טאַקי געווען די איסט סייד, וועלכע האָט זיך אַזוי לאַנג געלאָזט פיהרען פון איהם, ווענד רענד זי האָט גאָר ניט געהאַט געמיינשאַפטליכעס מיט איהם. עס איז ווירקליך געווען געוויסערמאַסען אן אונטרייהייט.

בעטראַכטענדיג גאָלדפאָגעל׳ס לאַנג־יעהריגע טהעטיגקייט, בעזאָנדערס זיין דיענסט אין קאָנגרעס אין פערלויף פון 26 יאָהר, קען מען ווירקליך ניט געפינען קיין וואָרט איהם צו טאַדלען. ער האָט געטהאָן זיין פליכט ווי ער האָט עס פער־שטאַנען. ער האָט געדיענט טריי דעם אידישען פאָלק, ער איז שטענדיג געווען אויף דער וואַך צו בעשיצען די אינטע־רעסען פון אידען, און ער האָט עס אויך געטהאָן פעהיג. אַבוואָהל ער איז זיין גאַנצען לעבען געווען א פּאָליטישען, און

## דזשאָדזש הענרי מ. גאָלדפאָגעל

ער איז געווען פערבונדען מיט א פארטיי, וועלכע האָט זיך אָפט בלאָמירט, איז זיין פערזענליכער רעקאָרד פארבליבען ריין און אונבעפלעקט. מען מוז איהם געבען קרעדיט פאר זיין ארבייט. נאָך מעהר: עס איז קיין צווייפעל ניטאָ, אז מיט זיין איינפלוס אין דער פארטיי וואָלט ער זיך געקענט דערהויבען צו פיעל העכערע עמטער, וואָס וואָלטען זיך איהם בעסער געלוינט ווי דער אָפיס פון קאָנגרעסמען מיט דעם נאָמינעלען געהאלט. ער האָט אָבער קיין אַנדערע אמביציעס ניט געהאט ווי צו זיין קאָנגרעסמאַן פון דעם הויפט אידישען דיסטריקט און אלס אזעלכער דיענען די אינטערעסען פון אידישען פאָלק.

גאָלדפאָגעל האָט שוין זיין ראָלע אפגעשפיעלט. טעמעני האָט ענדליך פערשטאנען, אז ער איז ניט דער איינציגער איד וואָס קען ציהען וואוטס, און ווען זי האָט געדארפט אויס־קלייבען איינעם צו שלאָגען מאיר לאָנדאָן האָט זי גענומען א אינגערען פאָליטישען. זי האָט אָבער איהר טרייען דיענער ניט פערלאָזען און איהם פערזאָרגט אויף זיינע עלטערע יאָהרען מיט א גוטען דזשאָב ביי אפוינטמענט.

## דזשאָדזש לעאָן סענדערס.

געבוירען אין אדעסא, 25 מאי, 1867, געקומען אין אמעריקא אין 1882 און איז אין 1895 געווארען לאיער. פון 1899 בי 1903 געוועזן מעמבער פון דער ניו יארק אסעמבלי. אין 1903 עלעק־טעט דזשאדזש פון מוניסיפאל קאורט. איז מעהרערע מאל געוועזן גרענד מאסטער פון אינדעפענדענט ארדער ברית אברהם און פרעזידענט פון היברו אימיגראנט אייד סאסייעטי.



*Leon Sanders*

# דזשאָרזש סענדערס

אידען האָבען אין דער לעצטער צייט גענומען שפּיעלען א ראָלע אין אמעריקאַנער פּאָליטיקס, אָבער זייער פעלד איז נאָך אליץ בעגרענצט. ווען די פעדעראל רעגירונג וויל געבען אנער־קענונג צו א אידישען שטאאטסמאן, שיקט זי איהם אלס אַן אמבאַסאַדאָר נאָך טירקיי. אזוי איז עס געווען מיט אָסקאר שטרויס, מיט מאָרגענטהוי און מיט עלקוס. די געזאנדשאפט אין טירקיי, איז אין דער לעצטער צייט געוואָרען אַן אידישער אמט. יעדער געבוירענער אמעריקאַנער באַי קען האָפען צו ווערען פּרעזידענט פון די יונייטעד סטייטס, און אזוי קען יעדער אידישער באַי האָפען צו ווערען אמבאַסאַדאָר נאָך טירקיי, העכער קען ער זיך זעלטען דערדריענען. עס זיינען פאַראַן וויניגע אויסנאהמען. און אזוי איז עס ווען א סטייט וויל אָפּגעבען כבוד א אידען. דער העכסטער אמט פאַר א אידען אין דער סטייט רעגירונג איז סעקרעטערי אָוו סטייט. דאָס האָט אמאָל געקראָגען ק ע נ י ג ביי די רעפּובליקאַנער און ל א ז א נ ס ק י ביי די דעמאָקראַטען. דאָס קען מען אָנרופען א האַלב אידישער אָפּיס. העכער געהט עס זעלטען, און זוען די שטאָדט וויל בעלוינען א טרייען אידישען פּאָלי־טישען, האָט זי פאַר איהם צוויי דזשאַבס, פריהער שיקט זי איהם אין די אסעמבלי, און נאָכהער עלעקטעט זי איהם אלס דזשאָדזש פון מוניסיפּאַל קאָורט. אזוי איז עס געווען מיט סענדערס, ליוויי און הארטמאַן. העכער געהט עס זעלטען.

# דער שפּיגעל פון דער איסט סייד

אַן אויסנאַהם איז געווען דזשאַדזש האַרטמאַן, וועלכער איז עלעקטעט געוואָרען דזשאַדזש פון סיטי קאָורט, אָבער דאָס איז געווען בלויז אַ צופאַל. ווען האַרטמאַן האָט געקראָגען דיזע נאָמינײשאָן האָט קײנער ניט געזעהן פאַר איהם אַ שאַנס עלעקטעט צו ווערען, ווייל ער איז געווען אַ רעפּובליקאַנער קאַנדידאַט אין אַ דעמאָקראַטישער שטאָדט. צופעליג איז עס געווען פּרעזידענשעל עלעקשאָן, און פּרעזידענט האַרדינג האָט מיט זיין „לענדסלייד" אַריינגעשלעפּט אין אָפיס פיעלע רעפּובליקאַנער, וואָס וואָלטען זאָנסט קיין שאַנס געהאַט.

עס איז פאַראַן פאַר אידען נאָך אַ שאַנס אין פּאָליטיקס, דאָס איז דער קאָנגרעס, אָבער מען אָפּערט דאָס בלויז אין אַ פּאָר אויסשליסליך אידישע דיסטריקטען. דיזען שאַנס האָט געהאַט קאָנגרעסמען סיגעל, אָבער נאָך דעם ווי ער האָט אָפּגעדיענט פיעלע טערמינען און איז לעצטעס מאָל געשלאָגען געוואָרען צוליב דעם דעמאָקראַטישען „לענדסלייד", איז ער פון זיין פּאַרטיי פאַרלאָזען געוואָרען. דער ניו יאָרקער פּאָליטישער לידער קעניג האָט געוואָלט אָפּערן סיגעל די שטעלע פון פעדעראַל דזשאַדזש אין ניו יאָרק דיסטריקט אויף דעם פּלאַץ פון דזשאַדזש דזשוליוס מאַיער, וועלכער האָט געקראָגען אַ העכערען אַמט. קעניג האָט געגלויבט, אַז אַזוי ווי דער אַמט איז שוין אין די הענד פון אַ אידען מוז עס שוין קומען אַן אַנדער אידען, ווי די געזאַנדשאַפט אין טירקיי, אָבער עס איז ניט געגאַנגען. עס איז ענשטאַנען אַ רעוואָלט פון פּאָליטי-שענס, און אָבוואָהל די רעגעל איז, אַז די רעקאָמענדאַציאָן פון דעם קאונטי לידער דאַרף רעספּעקטירט ווערען, האָט דער

## דזשאָדזש לעאָן סענדערס

פּרעזידענט דיזעס מאָל דאָס ניט געפּאָלגט און סיגעל איז גע־
בליבען אַן עקס, און קעניג — מיט אַ נאָז.

דאָס וואָס דער איד קעניג האָט זיך דערדיענט צו די הויכע שטעלע פון לידער אין דער ניו יאָרקער רעפּובליקאַנער קאונטי מאַשין ערקלעהרט זיך פּשוט דערמיט, וואָס דער אָפיס פון אַ רעפּובליקאַנער לידער אין מענהעטען איז ניט פיעל ווערטה, ווייל מענהעטען איז אַ דעמאָקראַטישע פעסטונג אין די רעפּובליקאַנער מאַשין האָט דאָ קיין מאכט, זי האָט גאַנץ ווייניג פּאַטראָנעדזש צו פארטהיילען. עס פּאַסירט זעלטען אַז די רעפּובליקאַנער מאַשין געווינט עפּעס אין ניו יאָרק קאונטי. אויב דאָ וואָלט געווען גענוג פּאַטראָנעדזש צו פארטהיילען וואָלט מען שוין געזעהן, אַז דיזער אָפּיס זאָל אריינפאַלען אין אַנדערע הענד. מיר מעגען זיין זיכער, אַז אויב טעמעני האָל באָס מוירפי זאָל ארונטערגעהן, וועט זיין שטעלע ניט געאָפּערט ווערען אַ אידען, עס וועלען זיין בילכערע. עס וועט נאָך נעהמען אַ היבשע צייט ביז טעמעני וועט קריגען אַ איד אלס באָס.

די אונטערשטע שורה איז, אַז עס איז פאַראַן אַ מין נאָרמא פאר אידען אין פּאָליטיקס, און איבער דיזער נאָרמא קען קיין איד ניט שטייגען. עס איז ניט אַנטיסעמיטיזם, עס איז בלויז ביזנעס, עס זיינען פאַראַן בילכערע, מענשען וואָס זיינען לייכגער אין פּאָליטיקס, די אידען זיינען נאָך גרין אין דעם.

דזשאָדזש סענדערס איז געווען אַ קרבן פון דיזער נאָרמא אין פּאָליטיקס. זיין אריינגאַנג אין פּאָליטיקס איז געווען

צימליך לייכט. דעם ערשטען קלאַס אַלס אַסעמבלימען איז ער דורכגעגאַנגען לייכט. יעדער יונגער פּעהיגער לאַיער קען האָבען דיזען שאַנס, די פּאַרטיי אָרגאַניזאַציאָנען זיינען אין דעם גאַנץ ליבעראַל. מען דאַרף נור ווערען אַ מעמבער אין דער דיסטריקט אָרגאַניזאַציאָן און וואַרטען אויף דעם נעקסט. סענדערס האָט ריכטיג אָפּגעטאָהן „סלוזשבאַ“ אין דער אַסעמ־בלי און האָט זיך דאַן דערדיענט צום צווייטען שטאַפּעל, — דזשאָדזש פון מוניסיפּאַל קאָורט. ווייטער האָט אָבער זיין אַמביציע ניט געקענט געהן. זיין אַמביציע איז געווען צו קריגען די דעמאָקראַטישע נאָמינייישאָן פאַר סופּרים קאָורט דזשאָדזש, אָבער דאָס האָט די נאָרמאַ ניט ערלויבט. אַט דאַרום איז עס סענדערס דאַמאַלס געלאָפען אינדעפּענדענט פאַר סופּרים קאָורט דזשאָדזש, עס איז געווען זיין פּראָטעסט געגען די נאָרמאַ. און דיזער פּראָטעסט איז געשטיצט גע־וואָרען פון צעהנדליגע טויזענדע וואָוטערס. דער ריעזיגער סענדערס וואָוט איז געווען אַ גרויסער טריאומף פאַר איהם, עס איז געווען אַזוי שעהן ווי אַ זיעג. נאַטירליך האָט סענ־דערס ניט געקענט בייקומען די צוויי גרויסע פּאָליטישע מאַשי־נען, אָבער עס איז דאָך געווען אַ לעסאָן פאַר זיי. עס איז אָבער אויך געווען אַ לעסאָן פאַר איהם. זייט דאַן האָט ער זיך צוריקגעצויגען פון פּאָליטיקס. און עס איז פאַר איהם גאָר ניט געווען קיין רעה. ער איז געוואָרען אויס פּאָליטישען און מעהר מענש, זיין רעפּוטאַציאָן איז זייט דאַן פיעל מעהר געשטיגען, ער איז יעצט ניט מעהר ווי סיטיזען סענדערס, אָבער זיין איינפלוס איז פיעלייכט נאָך גרעסער ווי בעפאָר,

## דזשאָדזש לעאָן סענדערס

ער געניסט מעהר אַכטונג און אַלס לאָיער האָט ער א שעהנע רעפּוטאַציאָן און אַ גוטע פּראַקטיק. פּאָליטיקס איז טאַקי אַן אינטערעסאַנטע געים, אָבער נור פאר די וואָס קענען עס אַפאָרדען צו שפּילען גרויס. עס איז פּונקט ווי דער שפּיעל אויף דער בערזע, עס איז גוט פאר די וואָס האָבען אַ גרויסע מאַכט אין וואָל סטריט, אָבער ניט פאר א קבצן, ניט פאר איינעם וואָס שפּילט אין באָקעט שאָפּ. קליינע פּאָליטיקס איז ווי אַ שפּיעל אין די באָקעט שאָפּס, אפילו אַז מען געווינט דאָרט, פאַרשפּיעלט מען. סענדערס איז ניט פון די מענשען צו שפּיעלען באָקעט שאָפּ פּאָליטיקס, ער איז ניט פון די פּאָלי־טישענס וואָס קושען בייבים אום צו קריגען דעם סופּאָרט פון די מאַמעס וואָוטערס, ער זוכט אויך ניט צו שפּיעלען א ראָלע פון אַ „טשעמפּיאָן" פון וואָס עס איז, ער איז איבערהויפּט ניט קיין אַקטיאָר, ער זוכט ניט די עפּענטליכע ביהנע, און דאָך איז ער א בעדייטענדער כלל טוער, ער איז געווען אַ לאַנגע צייט פּרעזידענט פון די „האַיאַס", וואו ער האָט זעהר פיעל אויפגעטאָהן. בעפאָר זיין צייט איז די אינסטיטושאָן געווען בלויז אַן הכנסת אורחים, אונטער איהם איז זי געוואָרען וואָס זי איז יעצט, אַן אינטערנאַציאָנאַלע אָרגאַניזאַציאָן מיט ברענ־טשעס אין פערשיעדענע וועלט טהיילען. אַלס גרענד מאַסטער פון „אינדעפּענדענט אָרדער ברית אברהם" איז ער געווען דער פּאָפּולערסטער פיהרער פון דיזער גרויסער אָרגאַניזאַציאָן און אפילו נאָכהער, אַלס עקס־פּרעזידענט פון „האַיאַס" און עקס־גרענד מאַסטער, איז ער אַלץ געווען טהעטיג איןביידע אָרגאַ־ניזאַציאָנען אַלס איינפאַכער אָבער איינפלוסרייכער מעמבער.

## דער שפּיגעל פון דער איסט סייד

איין זאך דארף מען זאָגען וועגען סענדערס׳ן: אַלס כלל־טוער זוכט ער קיינע נוצען פאר זיך, ער מישט ניט זיין עפענטליכע טהעטיגקייט מיט פּריוואַטע ביזנעס. ער האַלט קיין באַצאָהלטען אַמט, אויסער ווען ער איז גרענד מאַסטער. ער איז מעהרסטענס אַן עהרען אָפיסער, ער מאכט קיינע פּראָפיטען פון זיינע פערבינדונגען מיט טשאַריטי אינסטיטושאָנס, און דאָס איז מעהר ווי מען קען זאָגען פון דאָס רוב „קהל׳שע קליאמקעס“. אזוי ווי מאַנכע פּאָליטישענס זיינען אין פּאָליטיקס פאר ביזנעס און אין ביזנעס פאר פּאָליטיקס, אזוי זיינען מאַנכע כלל טוער אין טשאַריטיס פאר ביזנעס און אין ביזנעס פאר טשאַריטי. ער איז אין טשאַריטי פאר טשאַריטי און איז ביזנעס פאר ביזנעס. ווען די „האיאס“ איז געווען אין נויטה, האָט זי רעקוויזירט סענדערס׳עס הילפע, און ער האָט איהר אָפּגעגעבען זיין גאַנצע ענערגיע פונקט ווי אין דער צייט ווען ער איז געווען איהר פּרעזידענט.

סענדערס איז קיין אידעאַליסט, ער איז אַן איינפאַכער ביזנעססמאַן מיט דער עטהיק פון אַן עכטען ביזנעססמאַן. דער גרעסטער עססעט פון אַן עכטען ביזנעססמאַן איז ניט זיין קאַפּיטאַל, נור זיין רעפּוטאַציאָן, און זיין איינפאַכער וואָרט. און ער מאכט ניט פון א וואָרט א קוואָרט.

## דזשאָדזש אײראָן דזש. ליװױ.

געבוירען אין ניו יאָרק, 4 יולי, 1881. געװאָרען לאָיער אין 1902. זײט 1907 ביז 1913 געװען מעמבער פון דער אַסעמבלי. אין 1913 געװאָרען דזשאָדזש פון מוניסיפּאַל קאָורט, איז גרענד מאַסטער פון אינדעפּענדענט אָרדער ברית אברהם און איז טהעטיג אין פיעלע װאָהלטהעטיגע אנשטאַלטען, װי אויך אין דער ציוניס־טישער און אידישען קאָנגרעס בעװעגונג.




*Judge Aaron J. Levy*

# דזשאָרדזש אייראָן דזש. ליוויי.

דזשאָרדזש אייראָן דזש. ליוויי איז דורכגעגאַנגען פּונקט דיזעלבע שוהלע ווי דזשאָרדזש סענדערס. ער איז אויך ערצויגען געוואָרען פּאָליטיש אין טעמעני האָל און האָט פון איהר געקראָגען דיזעלבע בעלוינונג, צוערשט אַלס אַסעמבלימען און צו לעצט אַלס מוניסיפּעל דזשאָדזש. ער האָט אָבער געהאַט נאָך אַ שאַנס: אין אַסעמבלי איז ער עלעקטעט געוואָרען מאַדזשאָריטי לידער, דאָס הייסט, ער איז געווען פּראַקטיש דער באָס פון דער פּאַרטיי, אין דער אַסעמבלי וואַיינינגסטענס. דאָס איז געווען אַ זעלטענע עהרע פאר אַ יונגען מאַן מיט גאַנץ ווייניג ערפאַהרונג. און דער פאַקט, אַז טעמעני האָט איהם אַנגעטרויט אַזאַ וויכטיגען אַמט, צייגט אַז זי האָט איהם געטרויט און האָט געהאַט אמונה אין זיינע פעהיגקייטען. און ליוויי האָט דאַן טאַקי געשפּיעלט אַ גרויסע ראָלע אין פּאָליטיקס. ער האָט די „געים" פאַרשטאַנען ריכטיג. אָבער ער איז פערבליבען אין דער אַסעמבלי בלויז אַ קורצע צייט, און אַרויסטרעטענדיג פון דער אַסעמבלי איז ער נאַטירליך געוואָרען אויס לידער. אין דיזען פאַל קען מען ניט זאָגען אַז די פּאַרטיי האָט איהם פאַרבראַקירט און ניט געלאָזען וואַקסען. זי האָט איהם ניט צוריקגערופען. ער האָט זיך זעלבסט צוריקגעצויגען פון דער אַסעמבלי, ווייל קיין העכערע שטעלע ווי לידער האָט דאָרט ניט געקענט זיין. און ער האָט געזוכט

„פּראָמאָושאָן“. אויב ער וואָלט פארבליבען אין דער אסעמבלי מעהרערע טערמינען, אין בעוויזען זיין פעהיגקייט און מאכט אַלס לידער, וואָלט ער וואהרשיינליך געשטיגען אין פּאָליטיקס און געווארען א העכערער לידער, אָבער, ווי געזאָגט, ער האָט ניט געהאט קיין געדולד דערצו. ער האָט פארזוכט די לידער־שיפּ אין דער אסעמבלי און האָט גלייך געוואָלט שטייגען העכער. און טעמעני האָט עס איהם ניט ענטזאגט, זי איז גאָר ניט אונדאנקבאר. זי האָט געטאָן איהר פליכט. ער האָט פארלאנגט זיין לוין און ער האָט געקראָגען דעם נעקסטען „סטעפּ“ אין דער עוואָלוציאָן פון א טעמעני פּאָליטישען, ער איז געווארען דזשאַדזש פון מוניסיפּאל קאָורט. אלס דזשאָדזש איז ער נאַטירליך אויס פּאָליטישען, ער האָט דיזע קאַריערע אָפּגעבראָכען. יעצט איז ער גלאַט א פּאָבליק אָפישיעל.

דזשאָדזש ליוויי האָט אויך ווייטער דופּליצירט דזשאָדזש סענדערס קאַריערע. ער איז אויך, ווי סענדערס, עלעקטעט געוואָרען גרענד מאסטער פון א. אָ. ב. א. און איז געוואָרען א פּראָמינענטער כלל טוער. עס בלייבט בלויז צו זעהן צי ער וועט פּאָלגען סענדערס׳ן ווייטער און נאָך זיין טערמין אלס דזשאָדזש צוריקציהען זיך צו פּרייוועט פּראַקטיס און ווערען אַן אינדעפּענדענט מענש און אונפּאראינטערעסירטער כלל טוער.

דזשאָדזש ליוויי איז פיעל אינגער פאר דזשאָדזש סענ־דערס און האָט נאָך א גרויסען פעלד פאר זיך. וועהרענד דזשאָדזש סענדערס איז מעהר סאָליד, איז דזשאָדזש ליוויי אימפּולסיוו און אגרעסיוו. ער איז אַן עכטער איסט סיידער

## דזשאָדזש אייראָן דזש. ליוויי

באַי, פון דער נייער גענעראַציאָן, וועהרענד סענדערס איז אַן אויפגעקומענער אימיגראַנט פון אָדעס. דזשאָדזש ליוויי איז אַ באַגאַבטער רעדנער. ער האָט אַלע קוואַליפיקאַציאָנען פאַר אַ פּאָליטישען. זאָנסט וואָלט ער ניט געווען לידער צווישען ערפאַהרענע אַמעריקאַנער פּאָליטישענס.

עס איז געווען דזשאָדזש ליוויי, וועלכער האָט גע'ירשנ'ט לואי מיללער אין דער „וואַרהייט". וואָס פאַר אַן איראָניע פון שיקזאַל! מיללער האָט אויפגעבויט די „וואַרהייט" צו באַקעמ־פּפען קאַהאַן און דעם „פאָרווערטס", האָט ער גאָר אויפגעבויט אַ טעמעני אָרגאַן און אַזוי ווי ער האָט זיך צו טעמעני ניט געפּאַסט, איז די צייטונג אַריבער אונטער דער קאָנטראָל פון איינעם וואָס איז דערצו געווען געוואַקסען. ליוויי איז געווען געוואַקסען צו זיין אַ מאָדערנער פּאָליטישען, אָבער ניט צו זיין אַ צייטונגסמאַן, אין דעם האָט ער ניט געקענט פאַרבייטען מיללער'ן, און דאַרום האָט די „וואַרהייט" געמוזט אונטערגעהן.

דזשאָדזש ליוויי האָט פאַרפעהלט צו פאָלגען זיין ריכ־טיגען בערוף. אויב ער וואָלט נאָר געצייגט אויסדויער און געבליבען אין פּאָליטיקס, וואָלט ער געקענט האָפען צו ווערען אין טעמעני האָל וואָס קעניג איז אין דער רעפּובליקאַנער פּאַרטיי, — דער באָס פון דער גאַנצער אָרגאַניזאַציאָן אין מענהעטען. ווען מען בערעכענט, אַז די פּאַרטיי פון קעניג בעשטעהט פון פּאָליטישענס פון אַ העכערע קלאַסע, פון אַריס־טאָקראַטען און שטאַאַטסמענער, איז קעניג'ס ערפאָלג אין אַזוי האַלטען די קאָנטראָל אַזוי לאַנג ווירקליך אַ פענאָמענאַלער. עס איז אָבער מעגליך, אַז קעניג האָט געהאַט אַ בעסערען

## דער שפּיגעל פון דער איסט סייד

שאַנס צוליעב דעם וואָס אין דער רעפּובליקאַנער פּאַרטיי איז די צאָהל פון הונגעריגע דזשאָב־זוכערס ניט אַזוי גרויס און דארום האָט אַ מאַן מיט אַמביציע און פעהיגקייטען אַ בעסערן שאַנס ווי ביי די דעמאָקראַטען, וואו עס איז הויפּטזעכליך אַ פראַגע פון פּוטער און ברויט ביי טויזענדע פּאָליטישענס פון דער אַלטער שוהלע, און זיי קענען ניט אפּאָרדען אָפּצוטרע־טען דעם פּלאַץ צו נייע עלעמענטען. יעדענפאַלס איז עס אָבער זיכער, אז דזשאָדזש ליוויי האָט געהאַט דעם מאַטעריאַל צו ווערען אַן ערפאָלגרייכער פּאָליטישען, ער האָט אייך גע־האַט אַ געוויסען שאַנס. אָבער ער האָט עס ווי עס איז אויס־געלאָזען.

דזשאָדזש ליוויי האָלט יעצט ביי גראַדואירען פון צווייטען קלאַס פון דער שוהלע, וועלכע ער איז דורכגעגאַנגען ווי סענ־דערס. זיין טערמין אַלס דזשאָדזש האַלט צו ענדע. ער איז נאָך יונג און ער איז אַמביציעז, און ער האָט פאַר זיך נאָך אַ ברייטען פעלד. זיינע פעהיגקייטען זיינען בעדייטענד, ער איז אַ גוטער רעדנער און אַ גוטער לאָיער, אָבער זיין טעמפּעראַ־מענט איז מעהר געאייגענט פאַר שטורמישע טהעטיגקייט אויף דער פּלאַטפאָרמע, ווי פאַר שטילע קאַבינעט אַרבייט, ער איז מעהר פון דעם סטעמפּ פון אַ מיללער ווי פון אַ סענדערס. און ווייל ער האָט גאָר ניט צו טאָהן מיט דער ראַדיקאַלער בעוועגונג און קען ניט שפּיעלען אַ ראָלע ביי סאָציאַליסטען און אַרביי־טער, האָט ער געפונען אַ פּאַסענדען פעלד אין דעם אָרדער, וואָס איז איהם געקומען בירושה פון סענדערס'ן. ליוויי איז אין דעם א. אָ. ב. א. ווי אַ פיש אין וואַסער, ער לעבט אויף

## דזשאָדזש אייראָן דזש. ליוויי

אין דיזער אַטמאָספּערע, מעהר ניט וואָס עס איז אַ שאָד, וואָס עס איז ניטאָ אַ העכערע שטעלע דאָרט ווי גרענד מאַסטער, צו וועלכער מען זאָל קענען שטרעבען. ליוויי איז אין אָרדער ניט פאַר ביזנעס נאָר פאַר פּאָליטיקס, פּונקט ווי עס איז געוועזן מיט דער „וואַרהייט“. ער זוכט ניט גלאַט כבוד, פאַר וועלכען מאַנכע מענשען זיינען באַרייט צו ברייננגען די גרעסטע אָפּפער, ער זוכט נאָר איינפלוס. און דערפאַר קען מען איהם ניט בעטראַכטען אַלס אַ געוועהנליכע „קהל׳שע קליאַמקע“, אַ פּראָ־פעסיאָנעלע „קהל׳שע קליאַמקע“ זוכט געוועהנליך איינע פון די צוויי זאַכען: כבוד אָדער ביזנעס. ליוויי שטעהט העכער פאַר זיי, ער זוכט נאָר מאַכט, און זוכענדיג דאָס דערלייגט ער אָפּט אין ביזנעס און אין כבוד.

## דזשאָדזש גוסטאַוו האַרטמאַן.

געבוירען אין גאטש, אונגארן, 12 אויגוסט, 1889, געקומען אין אַמעריקא ווען ער איז געווען צוויי יאהר אַלט. האט סופּאַר־טעט זיינע עלטערן נאָך אַלס ניוס באָי, איז דורכגעגאנגען פּאַבליק סקול אין שעריף סטריט, דאן סיטי קאַלעדזש, ניו יאָרק יוניווער־סיטי לאָא סקול און אויך מעהרערע פּאָסט גראַדואייט קורסען. איז געווען מעהרערע יאהר סקול טיטשער און לעקטשורער. איז געווען מעמבער פון אסעמבלי אין 1905 און 1906, איז צוויי מאַל געווען אַפּאָינטעט דזשאַדזש פון מוניסיפּאַל קאורט און איז עלעק־טעט געוואָרען צו דיזען אַמט אין 1914. אין 1920 עלעקטעט דזשאַדזש פון סיטי קאורט. איז געווען צוויי מאַל גרענד מאַסטער פון א. א. ב. א. איז גרינדער און פּרעזידענט פון איזראַעל אָרפאַן אסיילום און טהעטיג אין פילע פילאַנטראָפּישע געזעלשאַפטען, ווי אויך אין די אידישע קאָנגרעס בעוועגונג און פאר ציוניזם.

# דזשאָרזש גוסטאַוו האַרטמאַן

דזשאָרזש גוסטאַוו האַרטמאַן איז דורכגעגאַנגען דיזעלבע שוהלע אין פּאָליטיקס ווי דזשאָרזש סענדערס און דזשאָרזש ליוויי. ער האָט אָנגעפאַנגען אַלס אַסעמבלימען, ווי זיי, און איז שפּעטער, ווי זיי, געוואָרען דזשאָרזש פון מוניסיפּאַל קאָורט, דער אונטערשיעד איז נור, וואָס זיי זיינען געגאַנגען מיט טעמעני, און ער — מיט דער רעפּובליקאַנער פּאַרטיי. ער האָט אויך ניט פאַרפעהלט זיי נאָכצופּאָלגען, וועהרענדיג אַ פּיהרער אין אַן אידישען אָרדער. ער האָט אַלזאָ דורכגע־מאַכט אַלע נויטיגע מדרגות פון אַן איסט סייד פּאָליטישען. דאָך, אָבוואָהל ער איז געגאַנגען דעמזעלבען וועג אין אין דערזעלבער שוהלע, איז ער אַלץ ניט געווען פון דעמזעלבען קלאַס ווי זיי. ער האָט גיכער געהערט צו דעם חדר פון גאָלד־פּאָגעל, און דער אונטערשייד איז אַ גרויסער. אַ פּאָליטישען פון סענדערס און ליוויי'ס חדר שעפּט זיין מאַכט אין פּאָלי־טיקס פון זיין איינפלוס אין דער געזעלשאַפט, אַ פּאָליטישען פון גאָלדפּאָגעל'ס חדר שעפּט זיין איינפלוס אין דער געזעל־שאַפט פון זיין מאַכט אין פּאָליטיקס. ווען סענדערס איז ארויס פון פּאָליטיקס האָט ער דארום גאָרניט פאַרלאָרען, פאַר־קעהרט, ער האָט נאָך געוואונען. גאָלדפּאָגעל, דאַגעגען וואָלט אָהן פּאָליטיקס אין גאַנצען פאַרגעסען געווארען.

אין פיעלע הינזיכטען דערמאָנט האַרטמאַנ'ס ראָלע אין

עפענטליכען לעבען אַן גאָלדפאַגעל׳ס. ער צייגט אויך דיזעלבע כאַראַקטעריסטיק. הארטמאַן בעזיצט גאָלדפאַגעל׳ס אמבי־ציעס, זיין ענערגיע און זיין פעהיגקייט צו מאַכען זיך ניצליך אַזוי, אַז עס זאָל געשאַפען ווערען דער איינדרוק, אַז אָהן איהם קען מען זיך גאָרניט בעגעהן. און ווי גאָלדפאַגעל גלויבט ער, אַז ער איז דער גרעסטער פאַרשטעהער וואָס אידען האָבען ווען עס איז געהאַט אין ניו יאָרק. ער מיינט ווירקליך, אַז ער איז דער פּאָפּולערסטער איד אין ניו יאָרק. איהם דוכט זיך, אַז די גאַנצע וועלט דרעהט זיך ארום איהם. אין דער ווירק־ליכקייט ווערט ער אנערקענט בלויז אין אַ בעשרענקטען קרייז פון אייגענע פריינד, און דער אַלגעמיינער עולם וויים ניט פיעל פון איהם, ווי ער ווייס ניט פון עולם.

דזשאָדזש הארטמאַן האָט גענאָסען אַ פיעל גרעסערע פּאָפּולאַריטעט ווען ער איז געווען פּאָבליק סקול טיטשער אויף דער איסט סייד מיט צוואַנציג יאָהר צוריק. ער איז דאַן געווען אַ מעהר סימפּאַטישער מענש. זייט ער איז אריין אין פּאָליטיקס און האָט גענומען דיענען דאָס גאַנצע פאָלק, זייט, זיינע סימפּאַטיען זיינען געוואָרען פּאָבליק און האָבען גענומען געהערען דער גאַנצער וועלט, איז זיין אינדיווידואַליטעט ווי איינגעשרונקען. ער איז יעצט אַ ביזי מענש, ער בעלאַנגט צו פיעלע סאָסייעטיס, ער איז פּרעזידענט פון פיעלע אַנשטאַל־טען, אָבער אַן אמט אין אַ סאָסייעטי מאַכט ניט אַ מענשען גרויס אָדער פּאָפּולער. דערצו פאָדערט זיך אַ געוויסער פּער־זענליכער מאַגנעטיזם, די פעהיגקייט אויסאיבען אַן איינפלוס אויף מענשען, די פעהיגקייט ארויסצורופען זייער ענטוזיאַזם.

ער קען האָבען נאָכפאָלגער, ער קען אפילו אויסניצען אַן איינ־פלוס, אָבער עס איז ניט דער איינפלוס פון א לידער, נאָר פין אַן עלעקשאָן דיסטריקט קעמפיין איבער די אָנגעהעריגע פון א פארטיי.

האַרטמאַן האַלט זיך אויף אין עפענטליכען לעבען דורך אקטיווע פובליסיטי ארבייט. יעדער שריט וואָס ער מאַכט אין קהל'שע אָנגעלעגענהייטען, ווערט פון זיינע פּרעס־אַגענטען שנעל אָפגעקלאפט אויפ'ן טייפּרייטער און צוגע־שטעלט צו די צייטונגען. ניט זיינע טהאטען רעדען פאר איהם, נאָר זיין טייפּרייטער רעדט פאר איהם. מיט אזא פּראָפּאַגאַנדאַ קומט מען טאקי אָפט אויף דער עפענטליכער ביהנע, אָבער דאָס מאַכט ניט איינעם פאר א גוטען אקטיאָר.

אָבער וועהרענד האַרטמאַן קען ניט בעטראַכט ווערען אַלס א פּאָפּולערער פאָלקס פיהרער, קען מען אויך ניט זאָגען, אז ער איז ניט ערנסט און טריי אין זיינע בעמיהונגען צו דיענען דער געזעלשאפט. ער בעלאַנגט צו די מענשען וואָס ליידען פון דער שוואכקייט צו דיענען דעם עולם, זיי זאָלען זיך קענען בעריהמען מיט די ווערטער: „ווי סוירוו די פּיפּל“. זיי מעגען זיך אָפט מאַכען לעכערליך, אָבער זיי אליין מיינען עס גאַנץ ערנסט. האַרטמאַנ'ס טהעטיגקייט איז אונצווייפעלהאַפט א ריינע, זי איז ניט פערבונדען מיט קיינע סקאַנדאַלען. דער פאַקט איז, אז אין פּאָליטיקס האָט ער זאָגאַר געשפּיעלט די ראָלע פון א רעפאָרמער, דאָס איז געווען זיין מיסיאָן, ווען ער האָט צוערשט אָנגענומען די נאָמינעישאָן פאר אַסעמבלי. ער איז געגאַנגען אין פּאָליטיקס צו בעקעמפפען טעמעני האָל און

ער איז געווען דאַן געשטיצט פון אַלע ליבעראַלע עלעמענטען. און אַזוי איז אויך ריין זיין טהעטיגקייט אין פערשיעדענע סאָסייעטיס אין אַנשטאַלטען. אַלץ וואָס ער זוכט איז „האָנאָר“. ער איז קיין אַנדער זאַך ניט אויסען.

מען דאַרף אויך ניט פאַרגעסען, אַז געהענדיג אין פּאָליטיקס האָט זיך הארטמאַן פערבונדען מיט דער רעפּובליקאַנער פּאַרטיי, וועלכע איז, ווי באַקאַנט ניט בעזאָנדערס שטאַרק אין ניו יאָרק. ער האָט דארום אַ שאַנס נור אין אַ פּאָר דיסטריקטען פון דער איסט סייד, און דאָס אויך ניט שטענדיג. און דאָס רעדט פיעל צו זיין גונסטען, צו זיין קרעדיט. דער פאַקט, אַז ער איז געגאַנגען צו דער שוואַכערער פּאַרטיי באַווייזט, אַז ער איז געגאַנגען אין פּאָליטיקס ניט בלויז צוליעב פּאָליטיקס, נור צוליעב עפּעס אַן אידעע, און די אידעע איז אויך ניט געווען ביזנעס. און מערקווירדיג איז, אַז וועהרענד ער האָט זיך אָנגעשלאָסען אָן די שוואַכערע פּאַרטיי, וואו ער האָט געשיינט ניט צו האָבען קיין שאַנס, האָט ער בעסער אויסגעמאַכט ווי די וועלכע זיינען געגאַנגען צו דער הערשענדער פּאַרטיי. סענדערס האָט פון טעמעני ניט געקענט קריגען עטוואָס העכערס ווי די נאָמינײשאָן פאַר מיוניסיפּאַל קאָורט, הארטמאַן האָט געקראָגען די נאָמינײשאָן פאַר סיטי קאָורט. נאַטירליך, האָט די פּאַרטיי גאָר ניט געטרוימט אַז זי וועט געווינען דיזען אָפיס, און אפשר דארום איז זי געווען אַזוי פרייגעביג, אָבער ווי די מעשה איז, אין דער רעפּובליקאַנער פּאַרטיי דערהדיענען זיך די אידען פיעל אָפטער און לייכטער ווי אין טעמעני האָל. מעגליך אַז דאָס איז ווייל

## דזשאָדזש גוסטאַוו האַרטמאַן

די פּאַרטיי איז רייכער און זי האָט ניט אַזוי פיעל הונגעריגע וועלף.

און אַזוי האָט עס פּאַסירט, אַז האַרטמאַן איז עלעקטעט געוואָרען דזשאָדזש פון סיטי קאָורט, אַ זעהר הויכע און עהרענהאַפטע שטעלע, ער האָט עס געהאַט צו פאַרדאַנקען דער גרויסער רעפּובליקאַנער מאַיאָריטעט, וואָס איז געקומען מיט האַרדינג׳ס „סוויפּ" אין 1920. ער איז אָבער, ווי געזאָגט, אויך טהעטיג אויסערהאַלב זיינע יוריסטישע פליכטען, ער איז פּרעזידענט פון אַ בית־יתומים און פון פיעלע אַנדערע וואָהל־טהעטיגע אַנשטאַלטען און ער גיט זיי אַוועק זיין גאַנצע פרייע צייט. ער זוכט און קריגט כבוד, אָבער דאָס שאַפט איהם ווייט ניט קיין פּאָפּולאַריטעט.

## דזשאָדזש אָטאָ א. ראָזאַלסקי.

געבוירען אין ניו יארק, 24 דעצעמבער, 1873, געווארען לאיער אין 1894, איז אין דע ריוגענד געוועזן טהעטיג אין פּאָליטיקס און איז געוועזן איינער פון די לידערס אין די רעפּובליקאנער פּארטיי. אין 1896 אַפּוינטעט געווארען אסיסטענט דיסטריקט אַטוירני און זיך אויסגעצייכענט אין דיזען אמט פיהרענדיג איינינע פון די גרעסטע מארד פּראָצעסען. אין 1898 אַפּוינטעט געווארען דזשאדזש פון דזשענעראַל סעשאָנס און איז זייט דאן צוויי מאָל עלעקטעט געווארען צו דיזען אמט, אין 1906 און אין 1920. איז טהעטיג אין מעהרערע פילאנטראָפּישע געזעלשאפטען



*Judge Otto A. Rosalsky*

# דזשאָדזש ראָזאַלסקי

דער שפּיגעל פון דער איסט סייד קען ניט זיין פּאָלקאָם אָהן דזשאָדזש ראָזאַלסקי. ער איז געבוירען און אויפגעוואקסען אויף דער איסט סייד. דאָ האָט ער פארבראכט די גרעסטע טהייל פון זיינע יאָהרען, און ער נעהמט נאָך יעצט די ווארעמסטע אינטערעסע אין דער איסט סייד. דאָך איז ער קיין לאָקאַלע פיגור. זיין אמט אלס דזשאָדזש אָוו די דזשענעראל סעשאָנס, איז אן אלגעמיינער, איבער דער גאנצער שטאָדט, און זיין רעפּוטאציע גרייכט ווייט איבער די שטאָדטישע גרעניצען. מען קען זאָגען, אז ער איז גיכער א נאציאָנאַלע פיגור. אלס דזשאָדזש פון קרימינאל קאָורט פון ניו יאָרק, איז ראָזאַלסקי בעריהמט און אלגעמיין געאכטעט; אין דער קרימינאל וועלט, דאגעגען, רופט זיין נאָמען ארויס דעם גרעסטען שרעק. און די פארברעכער ציטערען פאר איהם ניט אזוי ווייל ער איז שטרענג, נאָר ספּעציעל ווייל זיי ווייסען, אז אין זיין קאָורט איז גערעכטיגקייט ניט בלינד. די אורזאכע דערפון איז, דאָס ראָזאַלסקי איז אן עקספּערט קרימינאל ריכטער, און ער איז דאָס, ווייל ער האָט שטודירט די אונטערוועלט און קען איהר גוט. ווען א פארברעכער ווייס אז ער איז שולדיג, ווייס ער אז ער קען דיזען דזשאָדזש ניט אָפּנארען, און אין אזא פאל קען דער פארברעכער קיין גנאדע ניט ערווארטען. מאנכע „האָלד אָפּניקעס" האָבען געקראָגען

ביי ראָזאַלסקי צו דרייסיג און פערציג יאָהר. דערפאר אָבער ווען דער פערברעכער איז נאָך ניט א פערהארטעטווער, אויב עס איז נאָך דאָ אַ שאַנס איהם צו רעטען פון זינקען ווייטער, צייגט דזשאַדזש ראָזאַלסקי אָפּט גרויסע מילדקייטען. דער פאקט איז, אז טראָץ די שווערע שטראָפען וועלכע ער טיילט אָפּט אויס, און פאַר וועלכע ער איז בעריהמט, האָט ער זעהר א גוטע הארץ, אַ אידישע הארץ, ער איז אָפּט סענטימענטאַל, אָבער ער איז פריהער פאַר אַלעם גערעכט און שטרענג, און ער ווערט טאקי אלגעמיין פאררעכענט אלס אן עקספּערט קרי־מינאל ריכטער און זיינע קאָלעגען דזשאַדזשעס פון די דזשע־נעראַל סעשאָנס קאָנסולטירען איהם זעהר אָפּט, פּונקט ווי דאָקטוירים קאָנסולטירען אַ גרויסען ספּעציאַליסט.

ראָזאַלסקי איז ערפאָלגרייך אלס ריכטער ניט נאָר, ווייל ער קען די אונטערוועלט, נור אויך ווייל ער קען די פּאָלים. גראד ווי ער לאָזט זיך ניט נאַרען פון אַ פארברעכער, אזוי לאָזט ער זיך אויך ניט פארפיהרען פון אן אונעהרליכען פּאָליס־מאַן. אז פּאָליסלייט און דעטעקטיווס מאכען אָפּט וואס מען רופט „פריים אַפּס“ ווייס יעדער, אָבער זיי קענען דערמיט ניט פארפיהרען דזשאַדזש ראָזאַלסקי. ער דערקענט דאָס גלייך. און דיזע פעהיגקייט צו דערקענען ווען אַ פערברעכער איז ווירקליך שולדיג, און ווען ער איז פארנארט געוואָרען בלויז אין אַ נעץ, האָט דזשאַדזש ראָזאַלסקי ענטוויקעלט אויף דער איסט סייד, וועהרענד ער האָט דאָ אין די יונגע יאָהרען פּראַקטיצירט לאָאָ, אָפּט אין עסעקס מארקעט קאָורט. דאָ איז ער געקומען אין נאָהענטע בעריהרונג מיט אַלע קלאסען מענ־

שען. צו יענער צייט איז די איסט סייד געווען אן אמת'ער גרעפּט צענטער, עטאַבלירט פון די קאָרופּטע פּאָליטישע מאַשינען, און עהרליכע בירגער האָבען געליטען די גרעסטע צרות פון דער קאָמבינאַציאָן פון קאָרופּטע פּאָליטישענס, גרעפּטערס, פערברעכער און פּאָליס. ראָזאַלסקי האָט זיי אלעמען גוט געקענט, ער האָט געקענט פּערזענליך יעדען פּאָליטישען און יעדען פּאָליסמען, און ער האָט געקענט זייערע מעטהאָדען. און ווען ער איז געוואָרען ריכטער, האָט ער זיינע קענטניסע גוט אויסגענוצט פאר די פּראָטעקשאָן פון עהרליכע בירגער און צום שרעק פון דער פערברעכער-וועלט.

אָט דערפאר האָט עס דזשאָדזש ראָזאַלסקי זיך ערוואָרבען אזא גרויסע פּאָפּולאַריטעט. ער איז געוואָרען פּאָפּולער ניט צוליעב זיין פּאָליטישע טהעטיגקייט — ער האָט קיין גרויסע ראָלע פּאָליטיש ניט געשפּיעלט — זיין רעפּוטאַציאָן איז איינפאַך געוואַקסען בלויז דורך זיינע בעריהמטע משפּטים. פּונקט ווי די רעפּוטאַציאָן פון א ווירקליך גוטען דאָקטאָר. ער האָט נעקראָגען א גוטען נאָמען אלס ריכטער, פּונקט ווי דר. יאַקאָבי האָט געקראָגען זיין נאָמען אלס דער גרעסטער מעדיצינישער עקספּערט. אָט דארום איז ראָזאַלסקי עלעקטעט געוואָרען צום ערשטען מאָל מיט אזא גרויסע מאַיאָריטעט, אָבוואָהל ער איז געלאָפען אויף א רעפּובליקאַנער טיקעט אין א דעמאָקראַטישער שטאָדט. ער האָט געהאַט געדיענט בעפאָר בלויז איין יאָהר אויפ'ן ריכטער שטוהל דורך אן אפּוינטמענט פון גאָווערנאָר, און אין דיזען יאָהר האָט ער עטאַבלירט זיין רעפּוטאַציאָן. ער וואָלט דאן געקענט עלעקטעט ווערען אפילו

אויף אַן אינדעפּענדעט טיקעט. און דער פאַקט איז, אַז ווען זיין ערשטער טערמין האָט זיך געענדיגט, איז ער שוין נאָמי־נירט געוואָרען צום זעלבען אַמט פון ביידע פּאַרטייען. עס איז ניט געווען קיין פּאָליטישער דיעל. דער סענטימענט פון די סיטיזענס איז געווען קלאָהר און די פּאָליטישאַנס האָבען ניט געוואָגט צו געהן דאַגעגען.

טראָץ דעם וואָס זיין אַמט נעהמט ביי איהם אַוועק זיין גאַנצע צייט און ענערגיע, געפינט דזשאָדזש ראָזאַלסקי אַלץ צייט פאַר פּיעלע אינסטיטושאַנס און זיין הילפע איז זעהר בעדייטענד. ער העלפט פיעל דעם „האיאַס“ און ער האָט אויך געשטעלט אויף די פּיס די „מושב זקנים בנות יעקב“. ער האָט אויך פּיעל אויפגעטאָהן פאַר די מלחמה קרבנות. ער שעהמט זיך ניט מיט זיין איסט סייד, פּונקט ווי די איסט סייד האָט זיך ניט צו שעהמען מיט איהם. ער באַלאַנגט צו די קליינע צאָהל איסט סייד באָיעס, וועלכע האָבען דורך זייער איסט סייד ערציהונג געקראָגען נאַציאָנאַלע אַנערקענונג, ווי דזשע־נעראַל געטהאַלס און גאָווערנאָר סמיטה.

איין אינסידענט אין דזשאָדזש ראָזאַלסקי׳ס קאַריערע האָט געדראָהעט צו צערשטערען זיין גרויסע פּאָפּולאַריטעט. און דער פאַקט, אַז ער איז עס בייגעקומען איז ווידער אַ בעוויז פון זיין גוטער רעפּוטאַציאָן. מיר רעדען דאָ וועגען דער בעריהמטער בראַנדט קייס. ראָזאַלסקי איז דאָ געווען דער אונשולדיגער קרבן פון אַ דעמאַגאָגישען פּרעס קעמפּעין, אָדער ריכטיגער, פון צוויי קעמפּעינס. מיט אַ צוואַנציג יאָהר צוריק האָט אין ניו יאָרק געהערשט אַ געפעהרליכע „קראַים וועיוו“,

ערגער ווי ווען עס איז בעפאָר אָדער שפּעטער. עס זיינען פאָרגעקומען געוואגטע האָלד אָפּס, בעגלייטעט פון ברוטאַלע מערדערייען און זאָגאר מאָרדען. דזשאָדזש ראָזאַלסקי האָט פון ריכטער שטוהל אנאָנסירט, אז ער וועט די געכאַפּטע באַנדיטען ניט צייגען קיין רחמנות און ער האָט א היבשע צאָהל פון זיי פערשיקט אויף לאַנגע טערמינען. צווישען זיי איז געווען איינער בראַנדט, וועלכער האָט געמאַכט א האָלד אַפּ אויף מאָרטימער שיף. צו יענער צייט האָט די גאַנצע פּרעסע ערמוטהיגט די דזשאָדזשעס צו זיין שטרענג. די פּרעסע האָט עס פּשוט געפאָדערט און האָט מיט צופריעדענהייט רעפּאָרטעט די שווערע שטראָפען.

עטליכע יאָהר שפּעטער איז די בראַנדט קייס ערעפענט געוואָרען, און דיזעלבע פּרעסע וועלכע האָט פריהער אליין אָפּלאָדירט די שווערע שטראָפען, האָט גענומען קריטיקירען דיזען אורטייל. אין דעם האָט געשטעקט א מאָטיוו, וועלכער האָט אייגענטליך גאָרניט געהאַט צו טאָהן מיט דער פּערזאָן פון ראָזאַלסקי. מען האָט דאָ געציעלט אויף די שיף פאַמיליע.

די בראַנדט פּראָפּאַגאַנדאַ האָט אָנגענומען אזא פאָרם, אז עס איז געוואָרען נויטיג צופריעדענצושטעלען די אויפגעהעצטע עפענטליכע מיינונג, און דער דאַמאָלסדיגער גאָווערנאָר האָט געפונען פאַר פּאַסענד דעם פּריזאָנער צו באַפרייען. טראָץ דעם איז ביי יעדען ערנסטען מענשען קלאָהר געוואָרען, אז אין דיזען קעמפּיין איז דער פּריזאָנער בראַנדט גאָר ניט ריינגעוואַשען געוואָרען; פאַרקעהרט ער האָט זיך ארויסגעצייגט פאַר נאָך אַן ערגערע בריה, ווי מען האָט זיך געקענט פאָרשטעלען,

## דער שפּיגעל פון דער איסט סייד

אורטהיילענדיג איהם בלויז פאר זיין פארברעכען. ער איז פּשוט געווען אַן אויסוואורף פון דער נאַטור. אָבער, ווי געזאָגט, מען האָט אויסגענוצט דיזען נפש בלויז אלס מיטעל צו אטאַקירען די שיף פאַמיליע, און ראָזאַלסקי איז דערביי געווען א צופעליגער קרבן. אנאנדער דזשאָדזש אויף זיין פּלאַץ וואָלט געווים מעהר געליטען, עס וואָלט ריאינירט זיין קאַריערע. ראָזאַלסקי'ן האָט עס נאָך אַלעמען ניט געשאַדט. זיין רעפּוטאַציאָן איז פערבליבען שעהן און זיין פּאָפּולאַריטעט אונגעריהרט, און ווען זיין ערשטער טערמין האָט זיך געענדיגט, איז ער ווידער ערוועהלט געוואָרען כמעט איינשטימיג.

## יחזקאל שרהזאָהן.

געבוירען אין סובאלק, רוסלאנד, 15 אפריל, 1863, דער זוהן פון ר׳ כתריאל צבי שרהזאהן, וועלכער איז געווען גרינדער פון „יודי־שען טאגעבלאט“. געקומען אין ניו יארק מיט איבער פופציג יאהר צוריק און שטודירט אין ניו יארקער פאבליק סקולס. איז געווען פארטנער מיט זיין פאטער אין ארויסגעבען דאס „טאגעבלאט“ און זייט דעם טויט פון ר׳ כתריאל צבי שרהזאהן איז ער פאבלישער פון „טאגעבלאט“ צוזאמען מיט זיין שוואגער לעאן קאמאיקי.

# יחזקאל שרהזאָהן

ווער עס קען ניט יחזקאל שרהזאָהן פּערזענליך און קריגט זיינע איינדריקע פון דער שטעלונג אָדער פון דער רעפּוטאַציאָן פון „טאַגעבלאַט" אלס א כל ישראל צייטונג, דער מוז זיך פאָרשטעלען, אַז שרהזאָהן איז אַ איד מיט באָרד און פּאות, מיט א לאַנגער קאַפּאָטע. און אז ווען ער געהט אין גאַס און בעגעגענט אַ גלח געהט ער אריבער אויף די אַנדער זייט גאַס. מען שטעלט זיך וואהרשיינליך פאָר, אַז ער זיצט שטענדיג ביי אַ בלאַט גמרא, אַז ער וואָהנט ערגעץ־וואו ארום דעם בית המדרש הגדול, און אַז ער רעדט אַ געבראָכענעם ענגליש, געברויכענדיג אַזעלכע ווערטער ווי „סיטישנער" און „מאַנראָל סטריט"... און דער וואָס האָט אַזאַ איינדרוק ווערט געוויס איבעראַשט ווערען, אַנטרעפענדיג יחזקאל שרהזאָהן אין דער געזעלשאַפט אויף ריווערסייד דרייוו, טראַגענדיג מאָדערנע קליידער און געברויכענדיג אַ גוטען קאָרעקטען ענגליש. אַנדערע שטעלען זיך פאָר אַז שרהזאָהן איז אַ איסט סייד קרעמער, וואָס זיצט ביים קאָונטער און ציילט די פּענים. דער אמת איז אַז שרהזאָהן איז ווייט ניט קיין פאַנאַטיקער, נאָר אַ גאַנץ ליבעראַלער מענש, מיט מאָדערנע אַנשויאונגען, אַז אַז ער איז ניט אַ קרעמער, נאָר אַ ביזנעסמאַן מיט אַ היבשען אונטערנעהמונגס גייסט.

דער בעסטער בעווייז פון דעם ליבעראַליזם פון שרהזאָהן

איז, אַז ער האָט אָפּט בעשעפטיגט אין זיין ציימונג ראַדיקאַ־
לען, סאָציאַליסטען און זאָגאַר פריידענקער. מאַנכע מענשען
האָבען דאָס אָנגענומען אַלס בעווייז פון זיין פּרינציפּענלאָזיג־
קייט און ציניזם, אָבער דיזער אורטייל איז קיין גערעכטער.
מען וואָלט דאָס אפשר געקענט זאָגען אויב זיין פערקעהר מיט
אַזעלכע מענשען וואָלט געווען צופעליג און טעמפּאָרער, אָבער
ווען מיר זעהען, אַז ער קען מיט זיי דורכקומען אין פערלויף
פון פיעלע יאָהרען, איז עס קלאָהר, אַז ער איז אַ וועלטליכער
מענש. און דאָס קענען בעשטעטיגען די שרייבער וואָס אַר־
בייטען אין „טאָגעבלאַט". זיי זיינען אויך ניט קיין פינס־
טערלינגע, צווישען זיי זיינען פאַראַן גרויסע קינסטלער. און
די אַטמאָספערע אין וועלכער זיי געפינען זיך דריקט זיי נאָר־
ניט. דאָס וואָלט ניט געקענט זיין אויב שרהזאָהן זעלבסט
וואָלט ניט געווען אַ ליבעראַלער מענש.

איין שרייבער, וועלכער איז אָנגעקומען אין „טאָגעבלאַט"
גלייך ווי ער האָט פאַרלאָזען אַ סאָציאַליסטישע ציימונג, האָט
פערזיכערט, אַז פון דעם מאָמענט ווי ער איז אָנגעקומען אין
„טאָגעבלאַט" האָט ער פרייער אויפגעאָטהעמט און זיך דער־
פיהלט אַ מעהר פרייער מענש. אין דער סאָציאַליסטישער
ציימונג האָט מען צענזורירט ניט נאָר זיינע אַרטיקלען, נאָר
אויך זיינע אינערליכע געדאַנקען און זיינע פיהרונגען, ניט
צי ער איז עהרליך און אַנשטענדיג, נאָר צי ער איז לאָיאַל
צום באָס, צי ער איז כשר. ער האָט דאַרט ניט געטאָרט
האָבען זיינע אייגענע מיינונגען ניט נאָר אין פּאָליטיק, נור
אפילו אין ליטעראַטור אָדער אין קריטיק, ער האָט דאָרט קיין

מאָל ניט געקענט שרייבען וואָס ער דיינקט אָדער וואָס ער פיהלט. אָפט איז ער געווען ארומגערינגעלט פון שפּיאָנען, וועלכע האָבען רעפּאָרטעט צום באָס אלע זיינע בעוועגונגען. פון דעם מאָמענט וואָס דיזער שרייבער איז אָנגעקומען אין „טאָגעבלאַט", האָט ער דערפיהלט אַ פרייערען גייסט, מען האָט איהם קיינמאָל ניט געצוואונגען צו שרייבען געגען זיינע איבערציינגונגען. מען האָט רעספּעקטירט זיינע געפיהלען, און ער האָט געקראָגען אַ ברייטערען פעלד פאַר זיין טאַלאַנט. און דיזער גייסט האָט געהערשט נאָך אפילו אין די צייטען פון יחזקאל'ס פאָטער, ר' כתריאל, וועלכער איז געווען אַן אמת'ער שוהל איד.

שרהזאָהן איז ליבעראל ניט נאָר אין זיינע אנשויאונגען, נאָר אויך אין ביזנעס. ווען די שריפטזעצער יוניאָן פאָדערט העכערע ווייג׳זשעס פאַר די אַרבייטער, קומט זי שנעלער דורך מיט שרהזאָהן ווי מיט אנדערע פּאָבלישערס און אפילו מיט ארבייטער ארגאַנען. אין זיינע באַציהונגען מיט די אָנגע־שטעלטע פיהרט זיך שרהזאָהן ווי אַן אַלט־מאָדישער בעל הבית, ער העלפט אויס נויטהבעדירפטיגע, שיקט מתנות אויף ימים טובים און גיט אָפט באָנוסעס. איין רעגעל ווערט אין „טאָגעבלאַט" שטרענג אָפּגעהיט — אַן ארבייטער ווערט דאָרט בעטראַכט אַלס אַ מעמבער פון דער ביזנעס־משפחה און ער ווערט זעלטען אוועקגעשיקט. היינטיגע צייטען זאָרגען דאפיר די יוניאָנס, אָבער די שרהזאָהנס האָבען דאָס אָפּגעהיט נאָך בעפאָר די יוניאָנס האָבען געוואונען דיזע מאַכט.

# דער שפּיגעל פון דער איסט סייד

אין אַ ביזנעס טרעפט אָפט, אַז עס כאַפּען זיך דאָרט אַריין אַלערליי אַוואַנטוריסטען, שנאָרערס און אָפט שווינדלער. ניט איינמאָל איז די פירמא שרהזאָהן בעשווינדעלט געווארען פון אונעהרליכע אָנגעשטעלטע און אַגענטען, אָבער מיר ווייסען ניט פון איין פאַל וואו שרהזאָהן זאָל זיך האָבען געווענדעט אין קאָורט. ער האָט עס געהאַלטען פאַר אַ חלול השם. מיר ווייסען פון אַ פאַל, וואו איין פערזאָן האָט מעהרערע מאָהל בעשווינדעלט און בע'גנב'עט די פירמא, דאָך האָט מען איהם יעדעס מאָהל פערצייהט און זאָגאר צוריקגענומען, גיבענדיג איהם אַ נייעם שאַנס. און דער מאַן איז געשטאָרבען אין דער דיענסט פון „טאַגעבלאַט". אין די ראַדיקאַלע צייטונגען, דאַגעגען, איז אַן אַרבייטער זעלטען זיכער מיט זיין שטעלע. דאָרט הערשען אַלע ווײלע נייע קליקעס און דאָרט הערשען פערשיעדענע „פולס". דאָרט הערשט פייוואָריטיזם, און אָפט פאַרלירט דאָרט אַן אַרבייטער זיין שטעלע צוליעב אַ קאַפּריז פון איינעם פון די באָסעס.

אַמאָל האָט אין „טאַגעבלאַט" געהערשט די רעגעל: איינמאָל אַן אָנגעשטעלטער, אימער אַן אָנגעשטעלטער. אין דער לעצטער צייט איז אָבער דיזע רעגעל מעהרערע מאָל געבראָכען געוואָרען, און שרהזאָהן זעלבסט האָט זיך געשעהמט דערמיט. ער װארפט געוועהנליך די שולד אויף זיין פּאַרטנער, קאַמאַיקי. מען מעג איהם גלויבען, אַז ער איז דער שוואַכערער צווישען זיי ביידען.

מיר זעהען, אַלזאָ, אַז אין „טאַגעבלאַט" הערשט אַ געזונטערע אַטמאָספערע, און דאָס איז צו פערדאַנקען דעם ליבע-

ראַלען גייסט פון דעם אייגענטימער. דאָס בעוויזט, אַז ליבעראַליזם אין האַנדלען האָט גאַרניט צו טאָהן מיט ליבעראַ־ליזם אין אידעען. איינער מעג האָבען די ליבעראַלסטע אידעען און אין פּראַקטישען לעבען זיין ענגהערציג, פּונקט ווי איינער קען זיין אַ טשעמפּיאָן פון דעמאָקראַסי און אין פּער־זענליכע פיהרונג קען ער זיין אַן אַריסטאָקראַט. שרהזאָהן איז ליבעראַל אין זיינע בעציהונגען מיט מענשען, וועהרענד אין זיינע רעליגיעזע און פּאָליטישע איבערצייגונגען איז ער קאָנסערוואַטיוו. אָבער ווי ער איז קאָנסערוואַטיוו איז ער ניט פאַנאַטיקער.

שרהזאָהן פּרעטענדירט איבערהויפּט ניט צו זיין אַ „פּאָבליק מען“, ער זוכט קיין אַמט און קיין כּביד. ער איז אַן איינפאַכער ביזנעסמאַן, וואָס אַטענדעט צו זיינע ביזנעס. זיין נאָמען ערשיינט זעלטען אין דער צייטונג, ער זוכט זיך ניט צו אַדווערטייזען, זיין ביזנעס איז צו אַדווערטייזען אַנדערע. דאָך איז דער נאָמען שרהזאָהן בעקאַנט אין אַלע ווינקעלאָך פון לאַנד, וואו עס וואָהנען אידען, ווייל דער „טאַגעבלאַט“ איז די ערשטע אידישע צייטונג אין אַמעריקאַ און זי האָט נאָך אַלץ אַ גרויסען איינפלוס אין די וויטע קאָונטרי פּלעצער. דער „טאַגעבלאַט“, אָדער די וועכענטליכע אויסגאַבע פון דער צייטונג גרייכט אפילו אין די ווייטסטע טהיילען פון דער וועלט, אין סויטה אפריקא, אין יאַפּאַן, כינאַ און אוסטראַליען. אָט דאַרום, אָבוואָהל שרהזאָהן איז בלויז אַ בעשיידענער ביזנעסמאַן, קען ער ניט איגנאָרירט ווערען אין דעם שפּיגעל פון דער איסט סייד, מען קען זאָגען, אַז עס איז אַ היסטאָ־

## דער שפּיגעל פון דער איסט סייד

רישער נאָמען. זיים פופציג יאָהר איז דער נאָמען שרהזאָהן געווען פארבונדען מיט דעם לעבען פון דער איסט סייד. איהר מעגט ניט זיין איינפארשטאנען מיט זיינע מעטהאָדען, איהר מעגט זיך דיינקען אז זיין איינפלוס איז ניט געווען צום גוטען, אָבער איהר קענט ניט לייקענען, אז ער האָט געהאט אן איינפלוס, און אז זיין ראָלע איז געווען א בעדייטענדע. אין די פריהערע יאָהרען האָט שרהזאָהן געפיהרט א ביטערען קאַמף מיט די ראדיקאלע עלעמענטען צווישען אידען, אָבער דער פאקט איז, אז עס איז געווען א דעפענסיווער קאַמף, ווייל די ראדיקאלען זיינען געווען די אָנגרייפער. היינטיגע צייטען זיינען זיי שוין געווארען אביסעל מעהר טאָלעראנט און דער קאַמף האָט כמעט אין גאנצען אויפגעהערט.

פערזענליך איז שרהזאָהן א שטילער מענש, און איז גאנץ באשיידען, פיליכט נאָך צו פיעל, ער זוכט קיין פּאָבלי־סיטי, מען קען זאָגען, אז ער איז צו שעהמעוודיג דערצו. צו אטאקירען אזא מענשען פערזענליך איז דארום קיין ענטשול־דיגונג ניטאָ. מען מעג קריטיקירען זיין צייטונג, מען מעג אטאקירען זיין ביזנעס, זיינע פּאָליסים, אָבער פערזענליך צו איהם קען מען גאָר ניט האָבען.

ווען מען זוכט צו כאראקטעריזירען אן עפענטליכען טוער, איז ניט קיין פּלאַץ צו שילדערען זיינע פּריוואטע זיטען אָדער גאָר מאניערען, יעדער מענש האָט געוויסע שוואכקייטען, אָבער ווען זיי האָבען ניט צו טאָהן מיט זיינע עפענטליכע טהעטיג־קייטען, קענען זיי ניט דיסקוטירט ווערען. דאָס וואָלט גע־הייסען פּשוט וואס מען רופט „קיבעצען“, און דאָס איז ניט

יחזקאל שרהזאָהן

אין פּלאַץ אין אַזאַ סקעטש. די מעהרסטע אַטאַקען אויף שרהזאָהן זיינען טאַקע געווען ניט מעהר ווי „קיבעץ", וועגען קליינינקייטען און וועגען אייגענטימליכקייטען, אָבער ניט וועגען וויכטיגע אינטערעסען.

שרהזאָהן איז אַן איסט סייד אינסטיטושאָן, מיט די אַלע מעלות און חסרונות פון דער איסט סייד. און ווי די איסט סייד ווערט אָפט מיסרעפּרעזענטירט און געמאָלען שווארצער ווי זי איז, אַזוי איז עס אויך געווען מיט שרהזאָהן. די וואָס קענען אָבער די איסט סייד שעהמען זיך מיט איהר ניט, און אַזוי האָבען מיר זיך ניט צו שעהמען מיט אונזער שרהזאָהן.

## לעאָן קאַמאיקי.

געבוירען אין ווילקאווישקי, ליטא, 14 אַפּריל 1864, דער זוה־ פון ר' דוד בער, רב אין ווילקאווישק. איז געווען ר' כתריאל צבי שרהזאהנ'ס פּאַרטנער אין „טאַגעבלאַט" און האָט געהייראַטה שרה־ זאהנ'ס טאָכטער, רבקה. איז יעצט פּאַרטנער מיט יחזקאל שרהזאהן און טהעטיגער מעמבער אין דער פירמא. איז פּרעזידענט פון סענטראל רעליעף פאַר מלחמה קרבנות, און איז טהעטיגער מעמבער אדער דירעקטאָר אין פיעלע וואהלטהעטיגע אנשטאַלטען, ספּעציעל אין „הא־אס".

# לעאָן קאַמאַיקי

לעאָן קאַמאַיקי איז אַ שוואָגער און פּאַרטנער פון יחזקאל שרהזאָהן, און ער איז ווייט ניט וואָס מען רופט אַ „סיילענט פּאַרטנער". זיין איינפלוס מערקט זיך שטאַרק אין דער פירמאַ. ער איז דער שטרענגער בעל־הבית. איהם קומט דאַרום אַ גרויסער חלק פון דעם קרעדיט אָדער שולד פאַר דעם וואָס דער „טאַגעבלאַט" איז אָדער איז ניט.

מר. קאַמאַיקי קען כאַראַקטעריזירט ווערען אין עטליכע ווערטער: ער איז פונקט דער היפך פון שרהזאָהן. די צוויי שותפים פון „טאַגעבלאַט" זיינען ווי די צוויי פּאָלוסען פון אַ מאַגנעט, זיי זיינען פאַרשיידען אין טעמפּעראַמענט, אין פעהיגקייטען און אין ביזנעס־מעטהאָדען. שרהזאָהן איז מילד, קאַמאַיקי איז שטרענג און האַרט; שרהזאָהן איז אַ סקימער, אימער מיט נייע פּלענער, קאַמאַיקי איז אַ פּראַקטישער מענש און איז זעהר קאָנסערוואַטיוו אין ביזנעס; שרהזאָהן בויט לופט־שלעסער, קאַמאַיקי צובלאָזט זיי. קאַמאַיקי איז איבערהויפּט אַ מענש אָהן איינבילדונגס־קראַפט, ער קען ניט שוועבען אין די וואָלקענס, ער זוכט אימער דעם פעסטען באָדען אונטער זיינע פיס. שרהזאָהן, דאַגעגען, איז גענייגט צו טרוימען און שוועבען אין דער לופטען. דאָך איז די קאָמבינייישאָן פון דיזע צוויי ענטגעגענגעזעצטע נאַטורען אַ ניצליכע פאַר די ביזנעס. איינע ערגענצט די צווייטע. און נאָך

אַלעמען אַרבייטען זיי מיכטיג צוזאַמען, און זיי שטימען גאַנץ געמיטליך. זיי שטימען איין אויף זייערע דיפערענסען. ווען איהר בעמערקט אָבער אין „טאָגעבלאַט" עפּעס אַן ענדערונג, מעגט איהר זיין זיכער אַז די איניציאַטיווע איז געקומען פון שרהזאָהן, און אַז דיזעס מאָל האָט שרהזאָהן אויסגעפיהרט.

און ווייל קאַמאַיקי איז אָהן איניציאַטיווע און אָהן אונ־טערנעהמונגס־גייסט, איז ער היפּטזעכליך בעשעפטיגט אין די אינערליכע פיהרונגען פון דעם „טאָגעבלאַט"־פּלענט, וואו עס פאָדערען זיך קיינע נייערונגען. אַלעס ווערט דאָרט גע־פיהרט אויפ'ן אַלטען קאָנסערוואַטיווען שטייגער. און עס שטימט טאַקע מיט דער פּאָליסי און דעם כאַראַקטער פון דער צייטונג. שרהזאָהן, דאַגעגען, מישט זיך אינוויינינג גאַנץ וויינינג, ער איז דער אויסערליכער פערטרעטער פון דער צײ־טונג, ער פאָרמולירט איהר אויסערליכע פּאָליטיק, און ער אַטענדעט צו די אויסערליכע ביזנעס, ווי אַדווערטייזמענטס, סירקולײשאָן און אַנדערע ביזנעס.

קאַמאַיקי איז אַ פעהיגער מענש, אָבער נאָך זיינע ניי־גונגען איז ער אַ קנאַפּער צייטונגס־מאַן. אַלס פּאָבלישער איז ער גאָרניט אין זיינע עלעמענטען. אַ פּאָבלישער דאַרף זיין אַ מענש מיט אַן אונטערנעהמונגס־גייסט, און ספּעציעל וואָס מען רופט „אימעדזשינײשאָן". ער דאַרף זיין אַגרעסיוו, ער דאַרף אימער שטרעבען צו עטוואָס נייעס, ניט נור נייעס אין דער צייטונג, נור נייעס אין דער אונטערנעהמונג. ער איז געוואָרען אַ פּאָבלישער ניט דורך זיין אַמביציע, נור ביי עק־סידענט, ווי עס איז דער פאַל מיט אַ גרויסע צאָהל מענשען

## לעאָן קאַמאַיקי

וואָס זיינען אין דיזע ביזנעס און אפילו מאַנכע פון די וואָס זיינען טהעטיג אַלס זשורנאַליסטען. די פּראָפעסיאָן פון אַ צייטונגסמאַן פאָדערט ניט נור ספּעציעלע טאַלענטען דערצו, נור אַ ספּעציעלען טעמפּעראַמענט דערצו, פּונקט ווי עס פאָדערט זיך פון אַן אַקטיאָר אָדער אַ פּאָעט, אָדער אַ מאַהלער. פאַליי האָט אַמאָל געזאָגט אַז ער איז געווען איבערצייגט אַז אויב ער וואָלט אריינגעלייגט זיין ענערגיע און פעהיגקייטען אין קלאָדינג ביזנעס אָדער אַנאַנדער טרייד, וואָלט ער זיכער געמאַכט אַ גרעסערען ערפאָלג ווי אין דעם צייטונגס־פאַך. און דאָס קען מען זאָגען פון פיעלע אַנדערע. אויב מען וואָלט געפרעגט קאַמאַיקי וועלכע ביזנעס ער וואָלט זיך אויסגעקליבען אויב ער וואָלט געדאַרפט אָנפאַנגען זיין קאַריערע פון דאָס ניי, וואָלט ער געוויס געענטפערט, אַז ער וואָלט זיך גיכער גע־נומען צו בענקינג־ביזנעס. און ער וואָלט זיך דערצו געוויס בעסער געטויגט. זיינע אייגענשאַפטען, זיין קאָנסערוואַטיזם אין ביזנעס־מעטהאָדען, וואָס טויג זיך ניט פאַר צייטונגס־ביזנעס, איז דער נויטיגסטער עלעמענט אין בענקינג־ביזנעס. אַ צייטונגס־מאַן דאַרף זיין אַ „פּלאָנדזשער“, פון איהם פאָ־דערט זיך ניט ער זאָל זיך ארומקוקען בעפאָר ער מאַכט אַ שפּרונג, אַ צייטונגס־מאַן מאַכט דעם שפּרונג פריהער און נאָכהער זעהט ער זיך ארום צו עס איז געווען דער ריכטיגער שריט, ער האָט קיין צייט זיך פריהער צו בעדיינקען, ער מוז האַנדלען מיט דעם מאָמענט. אַ באַנקיר, דאַגעגען, טאָר קיין שריט מאַכען אָהן איבערלייגונג. ער מוז האַלטען פון דעם רעגעל אַז אויף ניט האָט מען ניט חרטה. יעדע אינוועסט־

מענט פון א באנקיר מיז זיין פאלשטענדיג זיכער, גאראנטירט פון די בעסטע סעקיוריטים. דיזע מעטהאָדען געברויכט קאַמאיקי אין די צייטונגס־ביזנעס, ער וואָלט זיי פיעל בעסער געקענט פערווענדען אין בענקינג־ביזנעס.

קאַמאיקי ווערט פארערעכענט אלס א שטרענגער „באָס“, און ער איז ווירקליך א מענש מיט א פעסטען ווילען און א שטאַרקען כאראקטער. מען האלט איהם געוועהנליך פאר א הארטען מענשען, אָהן סענטימענטען, אָבער דער אמת איז אז ער איז הארט נור אין זיינע האנדלונגען, אָבער ניט אין זיינע געפיהלען. ער האסט סענטימענטאליטעט, ער האלט עס פאר א שוואכקייט, און אזוי ווי ער בעזיצט עס דאָך, שעהמט ער זיך דערמיט און זוכט עס צו פארדעקען מיט א בייזען בליק. און גראָד אזעלכע מענשען צייגען זיך אָפּט ארוים בעסערע נאטורען ווי די וואָס צייגען א סימפּאטישעס געזיכט און בעגניגען זיך בלויז מיט א שמייכעל. ער איז אימער בערייט ארויסצוהעלפען א נויטבעדערפטיגען, אָבער ער צייגט איהם ניט אז ער טוט א טובה, ער צייגט בלויז אינדיפערענס, אָבער עס איז בלויז אַן אָנשטעל. ער זוכט צו בעהאלטען זיין שוואכקייט, דעם סענטימענט.

קאמאיקי איז אויך טהעטיג אין דעם עפענטליכען לעבען. ער בעלאנגט צו פיעלע סאָסייעטים, וואו ער איז אַקטיוו ענטוועדער אלס מעמבער אָדער דירעקטאָר, אָבער ער איז קיין פּראָפעסיאָנעלער כלל־טהוער און קיין פּאָליטישען. ער איז טאקע א פּראָמינענטע פיגור אויף דער איסט סייד, אָבער ער איז ניט פון די וואָס זוכען זיך אימער צו ווארפען אין די

אויגען, ער איז קיין זוכער פון פּובליסיטי. ער זוכט ניט צו שפּיעלען אַ ראָלע, ער זוכט ניט קיין כבוד, ער אַדווערטייזט זיך ניט און זיין נאָמען פיגורירט טאַקע זעלטען אין די צייטונגען, אָבוואָהל ער וואָלט עס געקענט אויספיהרען גיכער ווי אַנדערע.

קאַמאַיקי איז קאָנסערוואַטיוו אין זיינע אַנשויאונגען ווי אין ביזנעס. ער איז קאָנסערוואַטיוו אין פּאָליטיקס, אָבער ער איז ניט רעאַקציאָנער. ער איז אַ וועלטליכער מענש, ער האָט פיעל געררייזט און האָט פערקעהרט מיט אַלע קלאַסען מענשען, און ווען איהר רעדט מיט איהם וועגען וועלטליכע זאַכען, וועגען פּאָליטיק, ווערט איהר איבערראַשט פון זיין קלאָהרען בליק און זיינע קאָרעקטע אינפאָרמאַציאָנען. ער איז מיט איין וואָרט אַ וועלטליכער, אויפגעקלעהרטער מענש, ער איז דער טיפּ פון אַ בעל־הבית׳ישען ביזנעס־מאַן אָהן פּרעטענציאָנען אויף גרויסקייט אין גוטסקייט, און ער שטעהט געוויס העכער פאַר מאַנכע פון די פּאָבליק מען, וועלכע זיינען פול מיט פּרעטענזיעס, און צו וועלכע די געזעלשאַפט קען זיך קיינמאָל ניט אויסצאָהלען איהר „חוב“.

## הערמאַן בערנשטיין.

געבוירען אין ניישטאדט, שירווינט, רוסלאַנד. ניט ווייט פון דייטשען גרעניץ, 21טען סעפּטעמבער, 1876. צו זעקס יאהר האבען זיינע עלטערען איהם געבראכט נאָך מאהילעוו, ביים דניעפּער, וואו זיי האבען זיך באַזעצט און איהם געגעבען א אידישע און אַלגעמיינע בילדונג. געקומען אין אמעריקא אין יוני 1893. איז א פּערפאַסער פון מעהרערע ביכער און איז געווען קאָרעספּאָנדענט פון מעהרערע גרויסע צייטונגען, ווי די „טיימס“. אז געווען סעקרעטער פון אמע־ריקאַן דזשואיש קאָמיטע אין 1913 און 1914. איז געווען גרינדער און רעדאַקטאָר פון דעם ניו יאָרקער „טאָג“, פון אמעריקען היברו און אויך רעדאַקטאָר פון „אמעריקען דזשואיש יער בוק“.

# הערמאַן בערנשטיין.

אויב איהר זאָלט אָפּשטעלען אין גאַס אויף דער איסט סייד דעם ערשטען אידען וואָס איהר זאָלט בעגעגנען, און איהם פרעגען ווער איז הערמאַן בערנשטיין? זיינען די שאַנסען, אַז דער איד וועט אייך אָנקוקען און ניט וויסען וועמען איהר מיינט. ער האָט וואַהרשיינליך דעם נאָמען קיינמאָל ניט געהערט. דאַגעגען, זאָל עפּעס וויכטיגעס פּאַסירען אויף דער איסט סייד, אָדער איבערהויפּט אין אירישע קרייזען און אַ גוי'אישע צייטונג זאָל וועלען אויסגעפינען די בעדייטונג דערפון, וועט זי גלייך זיך ווענדען צו הערמאַן בערנשטיין און בעטען ביי איהם אַן ערקלעהרונג. ביי איהר איז ער די גרעסטע אָטהאָריטעט וועגען דער איסט סייד. און די גוי'אישע צייטונג וועט זיך טאַקע ניט אָפּנאַרען, זי וועט קריגען די געזוכטע אינפאָרמאַציע פון הערמאַן בערנשטיין, ניט אזוי ווייל ער איז אַן עקספּערט וועגען דער איסט־סייד, נור ווייל ער איז אַן עקספּערט קאָרעספּאָנדענט, עס איז אין זיין ליין צו קריגען און צו געבען אינפאָרמאַציאָן, עס איז זיין ביזנעס. דער איד קען איהם ניט — אָבער ער קען דעם אידען.

אָט דאָס איז הערמאַן בערנשטיין. אַ קאָרעספּאָנדענט, ניט מעהר און ניט ווייניגער. דערפאַר איז ער אזיי בעוואוסט אין דער גוי'אישער וועלט, און אָט דאַרום איז ער אַזוי

## דער שפּיגעל פון דער איסט סייד

וויניג בעקאַנט אין דער אידישער וועלט. ביי די אידען שפּיעלט ער קיין ראָלע. ער איז ניט קיין כלל־טוער, ניט קיין פּאָליטישען, ניט קיין פיהרער פון וועלכע עס איז בעוועגונג, און אויך ניט קיין אידישער זשורנאַליסט. ער איז אָבער דער אידישער קאָרעספּאָנדענט ביי די גויים, און דאָרום איז ער ביי די גויים אַ וויכטיגע און ניצליכע פּערזאָן.

בערנשטיין ווערט ספּעציעל ביי די גויים בעטראַכט אַלס עקספּערט אין רוסישע אַנגעלעגענהייטען, ווייל ער האָט איבער־זעצט פיעלע רוסישע ווערק, און ווייל ער האָט מעהרערע מאָל בערייזט רוסלאַנד, און דאָרט געמאַכט בעקאַנטשאַפט מיט פיעלע פּראָמינענטע רוסען. ער האָט זיין פאַך גוט ספּעציאַ־ליזירט, ער טויג זיך פאַר די ביזנעס. אָבער ער איז ניט מעהר ווי אַ קאָרעספּאָנדענט. צו באַטראַכטען איהם אַלס פאָרשטעהער פון אידען, פון דער איסט סייד, איז אַן אונזין. בערנשטיין האָט איינמאָל פּראָבירט אריינטרעטען אין אידישען זשורנאַליזם, אַלס דער ערשטער רעדאַקטאָר פון „טאָג“, אָבער ער האָט זיך בעצייטענס צוריקגעצויגען און דער „טאָג“ איז געבליבען עקזיסטירען. און ווען ער איז אַוועק פון „טאָג“ האָט עס קיינער ניט בעמערקט. מיר זאָגען ניט, אַז ער איז געוועזען אַ שלעכטער רעדאַקטאָר, ער האָט פיעל געלערנט אין די ענגלישע צייטונגען צו קענען אָנווענדען זיינע קענטניסע אין אַ אידישער צייטונג, אָבער ער האָט געקענט ווירקען בלויז אַלס פאַך־מאַן, אָבער ניט אַלס אָנפיהרער פון דער צייטונג און אַלס וועג־ווייזער פאַר׳ן אידישען לעזענדען פּובליקום.

ער פערדיענט אָבער יעדענפאַלס קרעדיט פאַר שטעלען

דעם „טאָג" אויף די פיס. טעכניש האָט ער געמאַכט די צייטונג פאַר אַן ערפאָלג. ער האָט אָבער געשאַפן איהר גוף און ניט איהר נשמה. און האָבענדיג אָפּגעטהאָן זיין ארבייט, איז ער זיך געגאַנגען ווייטער, זוכענדיג עפּעס נייעס, אַלס אַן עכטער צייטונגס־מאַן. צו זיין שאפונג איז ער געבליבען אינדיפערענט, עס האָט איהם געאַרט ווי דער נעכטיגער טאָג.

בערנשטיין בעלאַנגט דארום אייגענטליך ניט צו דער גאַלערי פין די פאָרשטעהער וואָס שפּיעגלען אָפּ די איסט סייד. אויב מיר רעכענען איהם דאָך אריין אין דעם שפּיעגעל, איז עס צוליעב דעם וואָס ער רעפּרעזענטירט די איסט־סייד ביי די גויים, ער איז אונזער אַמבאַסאַדאָר ביי זיי.

מיר האָבען געזאָגט, אַז בערנשטיין איז בלויז אַ קאָרעס־פּאָנדענט. עס זיינען פאַראַן ביי די גויים קאָרעספּאָנדענטען וועלכע האָבען גיך ערוואָרבען ניט נור אַן אינטערנאַציאָנאַלע רעפּוטאַציאָן, נור אפילו בעריהמטהייט, ווי פיליפּ גיבס און פרעדעריק פּאַלמער. הערמאַן בערנשטיין איז אָבער ניט פון דיזען ראַנג, ער האָט קיין בעזאָנדערע זאַכען ניט אויפגעטהאָן, קיינע גרויסע ענטדעקונגען געמאַכט. ער האָט בלויז אויפגע־טהאָן וואָס ער איז געווען בעאויפטראָגט צו טהאָן.

איין וויכטיגע ראָלע האָט בערנשטיין פּרובירט צו שפּיע־לען מיט עטליכע יאָהרען צוריק, ווען הענרי פאָרד האָט אונ־טערנומען די רייזע מיט זיין „פריעדענסשיף" נאָך אייראָפּאַ צו ענדיגען די מלחמה. פאָרד האָט געזוכט בעגלייטער, און צווישען די ערשטע וואָס האָבען זיך אָפּגערופען איז געווען הערמאַן בערנשטיין. ער איז מיטגעפאָהרען, ניט וויל ער איז

# דער שפּיגעל פון דער איסט סייד

געווען אַן אָנהענגער פון הענרי פאָרד, נור ווייל ער האָט זיך ניט געקענט ענטזאָגן פון דער פּובליסיטי מיט וועלכער די אונטערנעהמונג איז געווען פארבונדען. צו זיין רעפּוטאַציאָן האָט עס ניט געשאדט. אַ קאָרעספּאָנדענט מעג געהן איבעראַל און פערקעהרען מיט וועמען עס איז.

הערמאַן בערנשטיין קען בעצייכענט ווערען אַלס דער פּובליסיטי איידזשענט פון די אידען אין אַמעריקא, און דאָס איז היינטיגע צייטען אַ נוצליכע אָקופּאַציאָן. פּובליסיטי-איידזשענטס זיינען נויטיג פאר אַלע גרויסע ביזנעס און אפילו פאר די שטארקסטע רעגירונגען און פעלקער. ער ערפילט אַלזאָ אַ נוצליכע פונקציאָן פאַר אידען. און אום צו זיין אַ פּובליסיטי-איידזשענט פאר אַלע אידען, דארף ער ניט געהערען צו קיין פּארטיי אָדער קלייזעל, און ער געהערט טאקע ניט צו קיינע פון זיי. ער איז ניט סאָציאַליסט און ניט ציוניסט און איבערהויפּט קיין איסט, אויסער זשורנאַליסט. ער גיט אַליין ניט אַרויס קיין ליכט, ער איז בלויז אַ רעפלעקטאָר פון די שטראַהלען וואָס אַנדערע גיבען אַרויס. ער לאָזט פאר אַנדערע צו שאַפען היסטאָריע און ער בעגניגט זיך מיט שרייבען די היסטאָריע פון אַנדערע.

דערמיט טוט ער אויך מעהר גוטעס ווי אַנדערע וואָס שאַפען היסטאָריע, איבער וועלכער מיר האָבען צו קלאָגען.

# אברהם שאָמער.

געבוירען אין פינסק, אין 1876, דער זוהן פון דעם בעריהמטען ראמאניסט נ. מ. שייקעוויטש (שמ"ר). האט שטודירט לאא אין ניו יארק און איז געווען א היבשע צייט אן ערפאלגרייכער אדוואקאט אין דער לעצטער צייט האט ער אויפגעגעבען די פראקטיק פון לאא און האט זיך אפגעגעבען צו ליטערארישע טהעטיגקייט. איז אן ערפאלגרייכער דראמאטורג און פערפאסער פון פיעלע אידישע פיעסען און אויך איינינע אין ענגליש. איז פערפאסער פון א בראשורע, אין וועלכער ער האט צוערשט פארגעשלאגען א אידישען קאנגרעס. איז יעצט טהעטיג פאר א פערמאנענטען אידישען קאנגרעס.

## אברהם שאָמער.

אין פיעלע הינזיכטען דערמאָנט אונז אברהם שאָמער אָן באראָנדעס אָבער ניט פון אמאָל, נור פון היינט. ווי באראָנ־דעס איז שאָמער אן אונפערמיידליכע פיגור אין אַלע פּאָבליק פונקציאָנען פון דער איסט סייד. וואו עס איז פאראן א שטרייט אָדער עפּעס א סקאנדאַל, איז ער ניט צו זעהן, דאָרט פּאַסט ער זיך גאָר ניט. דערפאר קענט איהר איהם שטענדיג טרעפען ביי א יום טוב אָדער פּאראד, אָהן איהם געהט עס דאן ניט. מיר מיינען ניט צו זאָגען, אז ער איז א פייגלינג און אנטלויפט פון א קאמפּף. ער געהערט איינפאך ניט דערצו מיט זיין מילדע נאטור, מיט זיין פריינדליכען שמייכעל און גוטען מוטה. א מענש וואָס פארשטעהט וואו ער געהערט און קריכט ניט וואו מען דאַרף ניט, פארדיענט קרעדיט. עס צייגט, אז ער פאר־שטעהט זיך זעלבסט, אז ער איז ביי זיך ניט גענארט.

צו זיין טהעטיג אין דעם עפענטליכען לעבען און דערצו שטעהן אָפּט פון אויבען אויף און דאָך ניט פיהרען קיינע מלחמות איז א קונסט, וואָס נור שאָמער קען בעווייזען. עס איז ניט פאראן איין אָרגאניזאציאָן, וואָס זאָל ניט בא־שטעהן פון פראקציאָנען, איהר געפינט עס אין די קלענסטע לאָדזשען. איבעראַל איז פאראן אן אדמיניסטראציאָן און אָפּאָזיציאָן, וועלכע פיהרען א שטענדיגען קריעג. שאָמער גע־הערט צו פיעלע אָרגאניזאציאָנען, ער איז איבעראַל פּראָמי־

נענט, אָבער ער איז קיינמאָל ניט טהעטיג אין אַן אדמיניס־טראַציאָן אָדער אָפּאָזיציאָן, ער האַלט זיך איבערביידע, ער איז אַ פּארטיי פאר זיך.

שאָמער׳ס נאָמען וועט פּאַרעוויגט ווערען דורך זיין פאר־בינדונג מיט דעם אידישען קאָנגרעס אין אַמעריקא. ער איז דער גייסטיגער פּאָטער פון דעם קאָנגרעס. נאָך לאַנג בעפאָר דער מלחמה האָט ער ביי זיך אין קאָפּ אויסגעאַרבייט אַ פּלאַן פון אַ אידישען קאָנגרעס און האָט דעם פּלאַן פאָרמולירט אין אַ בראָשורע, וועלכער קיינער האָט דאַן ניט גענומען פאר ערנסט. שפּעטער, אין קריעגסצייט, האָט מען שוין גענומען רעדען ערנסט דערפון און שאָמער׳ס טרוים איז פערווירקליכט געוואָרען. עס געפינען זיך טאָקע מענשען, וועלכע לייקענען אָפּ שאָמער׳ס קלעים אויף דיזע גרויסע ענטדעקונג, אָבער מיר ווייסען, אַז מען לייקענט אפילו פּראָפעסאָר איינשטיין׳ס גרויסע ענטדעקונג פון דער טהעאָריע פון רעלאַטיוויטעט, וואָס דאָס זאָל ניט בעדייטען. אַלס אונפּאַרטייאישער היסטאָריקער מוזען מיר צוגעבען, אַז שאָמער׳ס טייטעל צו די ענטדעקונג פון אי־דישען קאָנגרעס איז פאָלשטענדיג, מעהר ניט וואָס פאר אונז איז די איינשטיין טהעאָריע אביסעל מעהר קלאָהר. קאָנגרעס מיינט אַ לעגיסלאַטיווע קערפּערשאַפט, דורך וועלכער פער־טרעטער פון אַ פאָלק שאַפען געזעצען פאר די פיהרונג פון פאָלק. אידען זיינען טאקי אַ פאָלק, אָבער מיר קענען ניט שאַפען קיינע בעזונדערע געזעצען פאר זיך אין אַמעריקא. מיר קענען זיך דאָ בעזונדער ניט רעגירען, און מיר קענען אויך דאָ ניט שאַפען קיינע געזעצען ווי אידען זאָלען זיך פיהרען אַנ־

דערסוואו. די אידעע פון קאָנגרעס איז צו העלפען אידען אין אנדערע לענדער, אָבער דערצו דאַרף מען קיין לעגיסלאַטיווע קערפערשאַפט, און דערצו דאַרף מען קיינע רעפּרעזענטאַטיווע פּערטרעטונג, קיינע עלעקשאָן קעמפּעינס און קיינע דעמאָקראַטישע אישוס. אלץ וואָס מען דאַרף, איז קאָאָפּעראַציאָן פון אידען, פּונקט ווי עס ווערט געטהאָן דורך דעם „דזשאָינט" אָדער די אמעריקען דזשואיש קאָמיטע. די גאַנצע אידעע פון די קאָנגרעס טשעמפּיאָנס איז צו שפּיעגלען זיך און צו שפּיעלען עפּעס א ראָלע. עס איז ניט מעהר ווי א פּאַראַדירונג, עס איז בלויז אַן אויסשטעלונג פון א נעכטיגען טאָג.

שאָמער איז פּיעלייכט דער איינציגער, וועלכער האָט געמיינט ערנסט מיט דיזער אידעע, ביי איהם איז עס א טרוים, אין וועלכען ער איז איינגעליעבט און פאַרגלויבט. ער האָט געווים קיינע פּערזענליכע אינטערעסען אין דעם, עס איז זיין „האָבבי", אויף וועלכער ער גלייכט צו רייטען, און ער זעהט אוים זעהר שעהן אין דיזער רייטענדער פּאָזיציאָן. אָבער גי־בענדיג איהם קרעדיט אלס דער פּאָטער פון קאָנגרעס, מוזען מיר איהם האלטען פאַראַנטוואָרטליך פאַר דאָס אויפקומען פון א גאַנצען חדר פון אידישע פּאָליטישענס, וואָס שפּיעלען זיך מיט א קאָנגרעס און פיהרען עלעקשאָן קאַמפּעינס פאַר דעמאָקראַטישע פּרינציפּען, זובענדיג צו מאַכען דאָס אידישע פאָלק „סייף פאָר דעמאָקראסי".

ווי געזאָגט, אליין איז שאָמער אונשעדליך, צו איהם אליין קען מען גאָר ניט האָבען, אלע מוזען צוגעבען, אַז ער איז א „גוד באָי". און ער ערפילט טאַקי ניצליכע פונקציאָ־

## דער שפּיגעל פון דער איסט סייד

נען אַלס פאַרשטעהער ביי פיעלע נויטיגע צערעמאָניעס. נאַטירליך קומט ער ניט אין דעם צו דעם הויפּט צערעמאָניע־מייסטער באַראָנדעס.

דיזע פיגורירונג אין עפענטליכען לעבען בערעכטיגט שאָמער'ן צו א פּלאַץ אין דעם „שפּיגעל", ער איז אָהן צווייפעל אַן עפענטליכער טוער, אָבוואָהל מיר ווייסען ניט פון וואָס. וואָס אונז וואונדערט איז ווארום אזעלכע מענשען, און עס זיינען פאראַן גענוג אזעלכע, וואָס בעזיצען אמביציעס און גוטע רעפּוטאַציעס און אויך בעדייטענדע פעהיגקייטען, גיבען זיך בעסער ניט אָפּ מיט פּאָליטיק. דאָס איז דער ריכטיגער פעלד פאר זיי. זיי דיינקען וואהרשיינליך אז פּאָליטיקס מוז זיין שמוציג און זייער אמביציע איז צו פערבלייבען ריין. אָבער ווי קען פּאָליטיקס זיין ריין, אויב ריינע מענשען זאָלען וויכען דערפון? דער אמת איז, אז וואָס אזעלכע מענשען פעהלט איז צו זיין אביסעל מעהר פראַקטיש, און אביסעל ווייניגער טרוימעריש.

שאָמער האָט זיך ערוואָרבען א שעהנע רעפּוטאַציע אַלס דראמאטורג. ער האָט אָהן צווייפעל גע'ירשנ'ט פון זיין בעריהמטען פאָטער א היבשען ליטעראַרישען טאַלאַנט. זיין ערשטעס ווערק „די אַלרייטניקעס", וועלכע ער האָט געשריבען, ווען ער האָט נאָך פּראַקטיצירט לאָא און איז מיט ליטעראַטור גאָר ניט געווען בעשעפטיגט, איז געקומען אַלס איבערראַשונג און האָט גלייך אויפגעדעקט א בעדייטענדען טאַלאַנט. און דאָס איז בעשטעטיגט געוואָרען פון די מעהרסטע פון זיינע אַנדערע פּיעסען אין אידיש, און ספּעציעל פון זיין

## אברהם שאָמער

ענגלישער דראַמאַ „טו־דעי“. עס זעהט אָבער אויס, אַז ער זוכט בעסער אַליין צו פערנעהמען דעם סטיידזש, אַנשטאַט אַנפילען דעם סטיידזש מיט זיינע שאַפונגען. ער פאַרגינט ניט דעם ערפאָלג פון זיינע העלדען, ער וויל אַליין זיין דער העלד.

יעדענפאַלס האָבען מיר פון שאָמער קיינמאָל קיין חרפּה ניט געהאַט, ער איז אַן אַנגענעמע פיגור, וואו ער זאָל זיך ניט מישען און פערקעהרען. ער זעהט אויס זעהר גוט אין שפּיעגעל.

## ש. יאַנאָווסקי

געבוירען אין פּינסק, 1864. געקומען אין אמעריקא 1884, און איז גלייך געוואָרען טהעטיג אין דער אנאַרכיסטישער בעוועגונג. אין 1889 אפּגעפאָהרען נאָך לאָנדאָן, וואו ער איז געוואָרען רעדאַקטאָר פון „ארבייטער פריינד“. אין 1893 געקומען צוריק אין ניויארק און איז געוואָרען רעדאַקטאָר פון דער „פרייע ארבייטער שטימע“. איז יעצט רעדאַקטאָר פון אן ארבייטער פאַך־ארגאַן, „גערעכטיגקייט“.

## ש. יאַנאָווסקי.

דער נאָמען יאַנאָווסקי איז גענוג באַקאַנט אין די ראַדי־קאַלע קרייזען, און ער פערדיענט אָהן צווייפעל אַ פּלאַץ אין דעם שפּיעגעל, מעהר ניט וואָס עס איז פאַראַן איין שוועריגקייט, ווי איהם צו קלאַסיפיצירען. עס איז לייכט צו זאָגען, וואָס ער איז געוועזען, אָבער עס איז ניט אַזוי לייכט צו זאָגען וואָס ער איז, ווייל ער ווייס עס אַליין ניט. און מען קען איהם פאַר דעם ניט בעשולדיגען. ווען איינער האָט פערציג יאָהר גע־דיענט אַן אידעע און איז פון איהר ענטוישט געוואָרען, איז איהם שווער זיך צו אָריענטירען. יאַנאָווסקי איז אין דער לאַגע פון איינעם, וואָס האָט געהאַט אַ געליעבטע און איז פון איהר אָפּגענאַרט געוואָרען. פיעלע אַזעלכע מענשען ווערען פרויען־פיינד, יאַנאָווסקי איז געוואָרען אַן אידעען־פיינד.

קיין מענש בלייבט ניט שטעהן אויף איין אָרט זיין גאַנצעס לעבען, די אומשטענדען ענדערען זיך און די מענשען ענדערען זיך מיט זיי. דאָס רוב מענשען בייטען זיך אָבער אָפּט און יונגערהייד. זעהר פילע מענשען פאַנגען אָן זייערע קאַריערען אַלס ראַדיקאַלען, אין מיטעלע יאָהרען ווערען זיי קאָנסער־וואַטיוו און אין עלטערע יאָהרען גאָר רעאַקציאָנער. דער פּרע־זידענט פון פראַנקרייך, מילעראַן, איז אין די יונגע יאָהרען געוועזען אַ גענאָסע מיט אַ רויטער קאַרטע, קלעמענסאָ איז געוועזען

# דער שפּיעגעל פון דער איסט סייד

א ראַדיקאַל, עקס־פּרעמיער בריאַן איז געווען אַ רעוואָלוציאָ־נער. עהנליכע ענדערונגען האָבען מיר אויך געטראָפען ביי אונזערע אידישע פאָרשטעהער. דער פארשטאָרבענער דר. זאָ־לאָטאַראָוו איז פון אַן אַנאַרכיסט־קאָמוניסט געוואָרען אַ נאַציאָ־נאַליסט, און דר. חיים זשיטלאָווסקי איז פון אַ סאָציאַליסט־רעוואָלוציאָנער געוואָרען אַ סאָציאַליסט־נאַציאָנאַליסט. דער אונטערשיד צווישען זיי און יאַנאָווסקי איז אָבער, אַז זיי האָבען פרייוויליג געענדערט זייערע איבערצייגונגען, וועהרענד יאַ־נאָווסקי האָט זיי פּשוט פאַרלאָרען. ער האָט ניט אויפגעגעבען זיין אַנאַרכיזם, נאָר דער אַנאַרכיזם האָט איהם פאַרלאָזען. האָט איהר אמאָל בייגעוואָהנט אַ קאָנצערט פון אַן אָרקעסטער, וואו אַלע ווײַלע הויבט זיך אויף איינער פון די מוזיקאַנטען און פאַרלאָזט זיין אינסטרומענט, ביז דער לעצטער מוזיקער פאַר־לאָזט דעם זאַל, אַפילו דער דראָמער, און בלויז דער דיריגענט בלייבט שטעהן מיט זיין שטעקעלע און דיריגירט נאָך אַלץ? אזוי איז עס געווען מיט יאַנאָווסקי׳ן, די בעוועגונג איז צוקראָ־כען אונטער זיינע הענד. אַ מאַן ווי זשיטלאָווסקי קען שעפּען ענטוזיאַזם פון זיינע נייע אידעען, יאַנאָווסקי איז אָבער צו־אַלט צו קריגען פרישע בעגייסטערונגען. און ער זאָגט טאַקע, אַז ער האַלט זיך נאָך אַלץ ביי זיין אַנאַרכיזם, ביי זיין שטע־קעלע, מעהר ניט וואָס ער האָט ניט מיט וועמען צו שפּיעלען.

צו זאָגען דעם אמת, האָבען מיר מעהר סימפּאַטיע מיט אזא ענטוישטען מענשען, ווי מיט איינעם וואָס פיהלט קיין ענטוישונג און קען זיך בעגייסטערען פאַר וואָס ער וויל, שפּיע־לענדיג אויף אַלערליי אינסטרומענטען. יאַנאָווסקי האָט פאַר־

לאָרען זיין שלאַכט און זיך צוריקגעצויגען פון שלאַכטפעלד, ער איז אָבער ניט אריבער אין דעם לאַגער פון דעם זיעגער.

וועגען יאנאָווסקי'ס יעצטיגער טעטיגקייט איז, אלזאָ, פיעל ניטאָ וואָס צו זאָגען. פון דעם אלטען יאנאָווסקי איז געבליבען בלויז דער שאָטען, ער איז א פאַטעטישע פיגור, וואָס רופט ארויס סימפּאַטיע און ניט פעראַכטונג. דער יאנאָווסקי פון די פריהערע יאָהרען איז אָבער געווען פיעל אינטערעסאַנטער. ער איז געווען דער הויפּט-פאָרשטעהער פון דעם אנאַרכיזם ביי אידען. ער איז אָבער געווען ניט קיין פּראַקטישער אנאַרכיסט, ער האָט געווים קיינמאָל ניט געפּרעדיגט די פּראָפּאַגאַנדאַ דער טהאַט, ער איז געווען בלויז א טהעאָרעטיקער, ווי קראָפּאָטקין, ער איז אויך ניט געווען קיין אנאַרכיסטישער פּאָליטישען, נור א לעהרער, א פּראָפּאַגאַנדיסט. ער האָט געשפּיעלט א ראָלע ביי די אנאַרכיסטען, ווי קאַהאַן ביי די סאָציאַליסטען. ער איז אָהן צווייפעל געווען ערנסט אין זיינע איבערצייגונגען.

דער פאַקט איז, אז יאנאָווסקי האָט שטענדיג געזוכט צו דופּליצירען קאַהאַן'ס טהעטיגקייט, אָדער, פּשוט גערעדט, ער האָט איהם געזוכט נאָכצוטאָהן, נאָכצוטאַנצען. ווי קאַהאַן, האָט ער אויך געזוכט צו שאַפען נייע שרייבער, און ער האָט געהאַט עטאַבלירט אין זיין „פרייע ארבייטער שטימע" א רעגולערען חדר. יאנאָווסקי האָט אָבער זיינע „גולם'ער" ניט געזוכט צו פערניכטען. ער איז געווען צופריעדען אז זיי האָבען איהם געלאָזען צורוה.

# דער שפּיגעל פון דער איסט סייד

יאַנאָווסקי האָט אויך געשפּיעלט אַ בעדייטענדע ראָלע אין דער יוניאָניסטישער בעוועגונג. זיינע אַנאַרכיסטישע אי־דעען האָבען איהם ניט געשטערט צו העלפען און זאָגאַר גרינ־דען יוניאָנס און אַנטהייל נעהמען אין זייערע קעמפּפע. און דאָס טוט ער נאָך יעצט אַלס רעדאַקטאָר פון אַ פאַך־אָרגאַן, וואו ער צייגט אַרויס אַ גרויסע טהעטיגקייט גאָר ווי אין די אַלטע יאָהרען.

וועהרענד יאַנאָווסקי איז יעצט בלויז אַ שאָטען פון דעם אַמאָליגען יאַנאָווסקי, איז זיין יעצטיגע בענעהמונג דאָך מעהר אין איינקלאַנג מיט זיין נאַטור, ווי זיין פריהערע. ער פיהרט יעצט אַ שטילען, צוריקגעצויגענעם לעבען און דאָס שטימט מיט זיין אויסזעהן און זיין מילדע בענעהמונג. און דער פאַקט איז, אַז פיזיש האָט ער שטענדיג אַזוי אויסגעזעהן, אפילו ווען ער איז געווען טהעטיג אַלס דער פיהרער פון דער אַנאַרכיסטישער בעוועגונג. דער מאַן, וועלכער איז געווען אין קריעג מיט דער גאַנצער מענשליכער געזעלשאַפט, וועלכער האָט געפאָדערט די צעשטערונג פון גאַנצען שטאַאַט און די אָפּשאַפונג פון יעדער אָטאָריטעט, איז אַליין געווען אַ מענש, וואָס האָט ניט אָנ־געריהרט אַ פליג אויף דער וואַנט. ער איז געווען אַ מאַן אָהן מוסקולען, ער האָט אין זיין לעבען קיינמאָל ניט געהאַט אַ פיזישען קאָנפליקט מיט אימיצען און ער האָט ניט געוואוסט אפילו ווי אויפצוהויבען אַ האַנד. ער איז געווען מיט איין וואָרט אַן אמת'ער אידישער גזלן, זיינע לעהרען זיינען געווען אין קאָנפליקט מיט זיין גאַנצער נאַטור. אַנדערע אַנאַרכיסטען, וועלכע זיינען אויך קיינע העלדען פיזיש, זיינען ווייניגסטענס

## ש. יאַנאָווסקי

העלדען מיט די מיילער אָדער מיט דער פען. יאַנאָווסקי איז געווען מילד אפילו אין זיינע שלאַכטען אויף דעם פּאַפּיער אָדער אויף דער פּלאַטפאָרמע. ער איז טאַקי געווען א פעהיגער רעדנער און שרייבער, אָבער עס איז געווען די פעהיגקייט פון א גמרא־קאָפּ און ניט פון א קריגס־פיהרער. ער איז קיינמאָל ניט געווען מיליטאַנט, ער האָט זיך גיכער געפּאַסט צו זיין א נאָכפאָלגער פון טאָלסטאָי׳ס לעהרע פון דולדען אָהן ווידערשטאַנד. ער איז פון דער נאַטור א פּאַסיפיסט, אָבער ווען פּאַסיפיזם אַלס פּאָליסי איז געוואָרען אַן אישו אין אמעריקא, איז ער גראד אויפגעטראָטען אין דעם אנדער לאַגער. נאָך זיינע פערזענליכע נייגונגען איז ער מעהר בורזשוא, ער וואָלט זיך געפּאַסט צו זיין א קרעמער אָדער אַן אָנגעשטעלטער אין עפּעס א ברענטש פון סיוויל סוירוויס.

# שלום וואָרט.

מיר האָבען אָנגערופען דיזע סעריע „דער שפּיעגעל פון דער איסט סייד”, אָבער דאָס מיינט אַלץ ניט, אז די איינציגע פאָר־שטעהער, וואָס מיר האָבען דאָ פּרעזענטירט, פערטרעטען ווירק־ליך די גאַנצע איסט סייד. מיר האָבען אויסגעקליבען דיזע פּערזאָנען בלויז ווייל זיי וואַרפען זיך אין די אויגען, שטעהענ־דיג אָפּט ביים שפּיעגעל, און זיי שפּיעגלען אייגענטליך אָפּ ניט די גאַנצע בעפעלקערונג, נור ספּעציעל זיך זעלבסט. קיי־נער איז ניט גרויס גענוג צו רעפּרעזענטירען די גאַנצע איסט סייד, זי איז צו גרויס און רייך אין אַלערליי קרעפטען און טאַ־לאַנטען. מיר האָבען געמוזט אויסלאָזען פיעלע גרויסע שריפט־שטעלער, פּאָעטען, קינסטלער, ביזנעסלייט, ארבייטער פיהר־רער און פילאַנטראָפּען. די איסט סייד איז אויך רייך אין אינטערעסאַנטע טיפּען, מיט וועלכע מען קען אָנפילען א בוך, אָבער אין דיזער סעריע איז ניט געווען פּלאַץ פאַר זיי אַלע־מען. און אפילו די, וואָס זיינען דאָ געשילדערט געוואָרען, האָ־בען געמוזט בעהאַנדעלט ווערען מעהר אָדער ווייניגער אָבער־פלעכליך, מיר האָבען מעהר בעהאַנדעלט זייערע ראָלען וואָס זיי שפּיעלען ווי זייערע כאַראַקטער־ציגע. אונזער שטודיום איז געווען א סאָציאָלאָגישער און ניט פּסיכאָלאָגישער. די, וואָס האָבען ערוואַרטעט צו געפינען קאַריקאַטורען פון פער־זאָנען, וועלען מוזען בלייבען ענטוישט.

## שלום

די איסט סייד ווערט זעהר פיעל מיסרעפּרעזענטירט אין דער פּרעסע און אין דער ליטעראַטור. מען שילדערט איהר אַלס אַ נעסט פון אַרמוטה און פערברעכען, וואָס מען רופט אויף ענגליש „סלאָמס", מען שילדערט איהר אַלס אַ קוואַרטאַל פון פרעמדע, וואָס האָבען קיין שייכות מיט'ן אַמעריקאַנער לעבען. צו שפּיעלען אויף דערזעלבער סטרונע איז ניט גע־ וועזען אונזער צוועק. מיר האָבען געזעהן, אַז אפילו די ניד־ ריגסטע פּאָליטישענס פון דיזען געגענד זיינען היינט צו טאָג פון אַ העכערען מאַטעריאַל ווי די פּאָליטישענס פון דעם פרי־ הערן דור, וועלכע זיינען געוועזן מעהר אַמעריקאַניזירט. מיר האָבען זיך דאַרום מיט אונזער שפּיגעל ניט פיעל צו שעהמען.

פיעלע מענשען וועלען וואַהרשיינליך זיין ענטוישט, ווייל זיי וועלען דאָ ניט געפינען מאַנכע פּראָמינענטע פיהרער פון דער קלאַסע, וועלכע מיר האָבען אָנגעריהרט. אונזער ענט־ פער איז, אַז מיר האָבען בענוצט נור אייניגע פון יעדער קלאַ־ סע, און צו געבען מעהרערע פון דערזעלבער קלאַסע וואָלט גע־ וועזן איינפאַך אַ דופּליצירונג פון דעם געגענשטאַנד. אונז פאַרדריסט מעהר וואָס מיר האָבען אין דיזער סעריע ניט גע־ קענט אריינרעכענען אַנדערע קלאַסען, ווי אייניגע גרויסע אי־ דישע אַקטיאָרען, סקולפּטאָרס, מאַלער, פּאָעטען, נאָוועליס־ טען, מוזיקער און אויך ביזנעסלייט. מאַנכע פון זיי זיינען אַ גרעסערער כבוד פאַר דער איסט סייד, ווי געוויסע פּאָלי־ טישענס. און עבען דאַרום האָבען זיי זיך ניט געפּאַסט אין דיזער סעריע. גרויסע קינסטלער ווערען געשאַצט ניט פאַר זייער עפענטליכער טעטיגקייט, און אפילו ניט נאָך זייערע

## דער שפּיגעל פון דער איסט סייד

פּריוואַטע אייגענשאַפטען, נור נאָך זייערע טאַלאַנטען און שאַ־
פונגען. מאַנכע פּאָעטען ענטוישען אונז מיט זייער אויפטרע־
טען אין דער עפענטליכקייט, אָבער מיט זייערע שאַפונגען
בלייבען זיי אונשטערבליך. דער גרויסער אַמעריקאַנער
שריפטשטעלער עדגאַר עללען פּאָו איז גאָר ניט געווען קיין
מוסטער פאַר דער יוגענד, אָבער זיינע ווערק וועלען גלאַנצען
אפילו אין שפּעטערע יאָהרהונדערטע. אָסקאַר ווײַלד'ס נאָמען
טאָר מען גאָר ניט דערמאָנען אין דער געזעלשאַפט, אָבער זיי־
נע ווערק זיינען אַ ציערונג פאַר אַלע לייבררעריס. אַט דאַרום
געהערען קינסטלער ניט צו דיזער סעריע. מיר דיסקוטירען
ניט קונסט, נור מענשליכע נאַטורען. מיר רעדען דאָ נור וועגען
אַקטיאָרען פון דער וועלט־ביהנע. און אין דעם שפּיעגעל
לערנען מיר זייערע טראַגישע און קאָמישע ראָלען.